און איהם געלאָזען צושטערען אַלע געצקעס אין דעם קאַאבאַ־טעמ־פעל. ער האָט זיך בענוצט מיט געוויסע שטרייטיגקייט וועגען דעם אָפּמאך מיט דיא קאָרעישיטען און איז אַרויס מיט אַ מחנה פון 10,000 מאַן געגען מעקאַ. פיעלע איינוואָהנער פון דער היי־ליגער שטאָדט זיינען אַרויס איהם צו בעגריסען אויפ'ן וועג און צו ערקלערען, אַז זיי נעהמען אָן דעם איסלאַם. אפילו אבו־סאָפיאַן, וועלכער איז געשיקט געוואָרען פון דיא קאָרעישיטען צו פערהאַנד־לען מיט דעם פראָפעט, האָט זיך בעקעהרט צום נייעם גלויבען. דיא איינוואָהנער פון מעקאַ האָבען אַלזאָ קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, וויא אַריינצולאָזען דעם פראָפעט מיט זיין ארמעע און צו אַנערקע־נען איהר פאַר זייער אויבערהאַר. דיא מייסטע איינוואָהנער האָ־בען אויך גלייך אָנגענומען דעם איסלאַם.

מאהאמעד איז דאַן 7 מאָל ארומגעריטען אויף זיין קעמעל אַרום דעם קאַאבאַ־טעמפעל, האָט זיך 7 מאָל צוגעריהרט מיט זיין שטעקען צום הייליגען שטיין און האָט געהייסען פערניכטען אַלע געצקעס אין טעמפעל און אין דיא הייזער. דיא געצענדיענערס, וועלכע האָבען דערזעהען, אַז זייערע אָבגעטער זיינען אונשעדליך, האָבען שוין קיינע צערעמאָניעס ניט געמאכט מיט דיא געצקעס. נאכהער האָט ער ערקלערט, אַז אַלע מענשען זיינען גלייך פאַר גאָט און אַז זייער הייליגסטע פפליכט איז צו בעשיצען און צו פערשפריי־טען דעם איסלאַם.

דאָס איז געווען דער גרעסטער טריאומף אין זיין לעבען. בלויז 8 יאָהר נאָך דער פליטה, ווען זיין לעבען איז געווען אין געפאהר, איז איהם געלונגען ניט נאָר אַריינצומארשירען מיט צעהן טויזענד אנהעננער אין מעקאַ, זאָנדערן צו ווערען איהר אנערקענטער הער־שער. קיין טראָפּען בלוט איז ביי דיזער מערקווירדיגער איבער־קעהרענעס ניט פערגאָסען געוואָרען. זיינע אנהעננער האָבען ווירקליך געקענט גלויבען, אַז דאָס איז אַ נס, אַז אין דיזער וויכ־טיגער היסטאָרישער פאַסירונג שטעקט אַלאה'ס האַנד און אַז מאַ־האמעד איז גאָט'ס שליח.

## מאהאָמעד'ס זיעג איבער דיא בעדואינען און טויט.

נאָר אין מעקא איז מאהאמעד ניט פערבליבען. ער האָט ער־קלערט, אז ער וויל לעבען און שטארבען צוזאמען מיט זיינע נאָכ־פאָלגער פון מעדינא. דאָס האָט ער אָבער ניט געטאָן אויס ליעבע צו זיי, זאָנדערן ווייל ער האָט פערשטאנען, אז אין מעקא איז ער נאָך ניט אין גאנצען זיכער, דען עס זיינען נאטירליך פערבליבען פיעלע זיינע שונאים און פערבאָרגענע געצענדיענערס. ער האָט דאָ ארויסגעצייגט א קלאָרע בערעכנונג און א דיפּלאָמאטישע האנד־לונג, מיט וועלכע ער האָט זיך אויסגעצייכענט אלץ מעהר, וואָס מעהר ערפאָלג ער האָט געהאט אין זיינע אונטערנעהמונגען און מלחמות. זיינע נביאות האָט ער פערבונדען מיט פּאָליטישע בע־טראכטונגען און אויסרעכנונגען זייט ער איז געוואָרען דער הער־שער פון מעדינא און א קריעגספיהרער. אָנפאנגס איז ער געוועזן א טרוימער מיט א קרענקליכער פאנטאזיע און מיט האלוצינאציאָנען, נאָר ביסלעכווייז איז ער געוואָרען א געשיקטער פּאָליטיקער און דיפּלאָמאט. זיין רעליגיעזע לעהרע, וועלכע האָט אין זיך גלייך פון אָנפאנג ענטהאלטען א פּאָליטישע שטרעבונג צו פעראייניגען אַלע אראבען, איז געוואָרען אַן אימפּעריאליסטישע. רעליגיאָן איז דאָ געגאנגען האנד אין האנד מיט א נייע שטאאטליכע אָרגאניזא־ציאָן, און דער פּראָפעט פון איסלאם איז צוגלייך געוואָרען א קריעגספיהרער, א פּאָליטישער הערשער, א דעספּאָט.

אין דעם איז בעשטאנען דער גרונד פון מאהאמעד'ס מערק־ווירדיג שנעלען ערפאָלג זייט זיין ערשטע „הייליגע מלחמה“ אין אָאזיס בעדר, וועלכע איז אייגענטליך געוועזן אַן איינפאכער רוי־בערישער אָנפאל אויף א קאראוואַן, וויא עס איז אויבען ערקלערט געוועזן.

א שלאכט האָט אויך ענטשיערען דיא פערשפּרייטונג פון איסלאם צווישען דיא בעדואינען, דיא אראבען פון דער וויסטענעס, וועלכע מאהאמעד האָט צו רוהע געלאָזען דיא גאנצע צייט. זיי

האָבען אָבער אליין אָנגעפאנגען דעם קאמפף. גראדע ווען מאהא־מעד האָט זיך געקליבען אין וועג פון מעקא נאָך מעדינא, זיינען אָנגעקומען בעריכטען, אז דער שטארקער פערבאנד פון בעדואינער שטאמען אונטער דעם נאָמען על־חאוואזין האָט צוזאמענגעקליבען גאנצע 20.000 מאן געגען דעם פראָפעט. דיזע שטאמען האָבען פערנומען א גרויסע געגענד אין דער וויסטענעס ביז דיא גרענעצען פון דער מעקאנער פראָווינץ. זייער וויכטיגסטע שטאָדט איז געווען טאאיף, ניט ווייט פון מעקא. לעבען דיזען פלאַץ האָבען זיך אויס־געשטעלט 20.000 בעדואינען, נאָך וועלכע עס האָבען געפאָלגט זייערע פרויען, קינדער און מאסען בהמות.

מאהאָמעד איז ארויס געגען זיי מיט 12.000 אנהענגער, צווי־שען וועלכע עס זיינען שוין אויך געווען א פּאָאר טויזענד פון מעקא. דיא שלאכט איז געווען א לאנגע און א ברענענדע, אָבער דיא בעדואינען האָבען שליסליך געמוזט זיך אָפּטראָגען, איבערלאָ־זענדיג אין מאהאמעד'ס הענד זייער לאגער מיט 6000 פרויען און קינדער, 24000 קעמלען, מאסען שעפּסען און פיעלע ווערטהפאָלע זאכען. דיא בהמות און זאכען האָט ער צוטהיילט צווישען זיינע אנהענגער (דעם גרעסטען טהייל האָט ער געגעבען דיא מעקאנער, אום זיי בעסער צוצוציהען אויף זיין זייט), אָבער דיא פרויען און קינדער האָט ער צוריקגעשיקט אָהן אויסקויפּס־געלט, אום צו ציי־גען זיין גוטסקייט דיא בעדואינען, וועלכע ער האָט נאטירליך גע־וואונשען וואָס שנעלער צו בעקעהרען. דאָ האָט ער ווידער ארויס־געצייגט זיינע דיפּלאָמאטיישע פעהיגקייטען. אייניגע בעדואינער פיהרער האָט ער אונטערגעקויפט מיט געשאנקען, אנדערע האָט ער געטרויסט און ווייך געמאכט מיט גוטע רייד. ווען ער האָט צוריק־געקעהרט דיא בעדואינער פרויען און קינדער, איז דער קאָמאנדיר פון דיא על־חאוואזינען אזוי בעגייסטערט געוואָרען פאר דעם פּראָ־פעט, אז ער האָט גלייך אָנגענומען דעם איסלאם.

אזוי איז מאהאָמעד געוואָרען דער הערשער פון אראביען. ווען ער איז געקומען אין מעדינא נאָך דעם זיעג איבער דיא בעדואינען, האָט ער זיך שוין געפיהלט אזוי שטארק, אז ער האָט צוזאמענגעקלי־

בען אַן אַרמעע פון 30.000 מאַן און ערקלערט, אַז ער טרעט אַרויס געגען דיא ביזאַנטיישע אימפּעריע. נאָר ווען ער איז צוגעקומען צום גרענעץ פון סיריען, האָט ער זיך פּלוצלונג אָבגעשטעלט און האָט נאָר אָפּגעמאַכט מיט עטליכע בעדואינער שטאַמען אויף דעם סיני האַלב־אינזעל, אַז זיי זאָלען אַנערקענען זיין אויבערמאַכט אָנ־שטאָט דיא אויבערמאַכט פון דעם ביזאַנטיישען קייזער העראַקליוס.

מען רעכענט, אַז דיא אורזאַכע, וואָרום ער האָט זיך צוריק־געקעהרט נאָך מעדינאַ אנשטאַט צו בעפאַלען סיריען, וויא ער האָט עס געפּלאַנעוועט, איז געווען, ווייל ער האָט זיך געפיהלט שטערבליך קראַנק. ער האָט מורא געהאַט צו שטעלען אין קאָן זיין גאַנצע שווער־ערוואָרבענע מאַכט אין א קאַמפּף מיט דיא גרוי־סען און איבערהויפּט מיט דיא קריסטען. מען זאָגט, אַז ער האָט געפיהלט, דאָס עס בלייבט איהם שוין ניט לאַנג צו לעבען. אין דער צייט פלעגט ער עס אָפט דערמאָנען, אַז זיין קראַנקהייט האָט ער צו פערדאַנקען דער פערגיפטונג פון דער אידישער פרוי זעינאַב.

יעדענפאַלס, ווען ער איז געקומען דעם נעכסטען יאָהר אין מעקא, האָט ער שוין גערעכענט, אַז דאָס איז זיין לעצטע רייזע. ער האָט צוזאַמענגעקליבען זיינע פיהרער און האָט פאַר זיי געהאַל־טען אַ דרשה, אין וועלכער ער האָט זיך אַזוי וויא געזעגענט מיט זיי און מיט דער וועלט. ער האָט זיי איבערגעגעבען נאָך אַ מאָל דיא הויפּט־געבאָט פון איסלאַם און זיי אָנגעזאָגט צו לעבען אין פריעדען און אחדות, זיך אויף אימער צו ענטזאַגען פון גאולת הדם און זיך גוט צו בעגעהען מיט זייערע פרויען און שקלאַווען. געענדיגט האָט ער מיט דיא ווערטער: „יעצט האָב איך ערפילט אַלעס וואָס עס איז מיר בעשטימט געווען אויפצוטאָן."

ווען ער איז צוריק געקומען אין מעדינאַ, האָט ער זיך שוין גע־פיהלט אַזוי שוואַך, אַז ער האָט בעשטימט אבו־בעקער'ן פאַר זיין שטעלפערטרעטער און איז פערבליבען אין דער הויז פון זיין געליעב־טעסטער פרוי יאַאישאַ. מיט יעדען טאָג איז איהם אַלץ ערגער גע־וואָרען. איינינע פון זיינע יונגע פערעהרער האָבען איהם געוואָלט ערקלערען פאַר גאָט'ס זוהן, אָבער ער האָט זיך ענטזאַגט דערפון

און געזאָגט: „גאָט האָט קיין זוהן, איך בין בלויז א מענש, וויא אלע אנדערע.“ דיא יעניגע, וואָס האָבען געטרויערט וועגען זיין קראַנקהייט און נאָהענטען טויט, האָט ער איין מאָל געטרויסט מיט דיא ווערטער: „איך זעה, אז מיין טויט יאָגט אויף אייך א שרעק; אָבער האָט דען איינער פון דיא פריהערע פּראָפעטען אייביג גע־לעבט? איהר מוזט אַלזאָ וויסען, אז עס וועט קומען דער טאָג, ווען איך וועל זיך שיידען מיט אייך און אוועק צו אַלאַה, מיין הערר.“

נאָך דיזע רייד האָט ער בעפוילען צו בעפרייען אַלע זיינע שקלאַווען און צו פערטהיילען זיין געלט צו אָרימע. אין זיין קאַסע האָט מען אָבער געפונען בלויז 6 דינאַרען, וואָס עס האָט געצייגט, אז דער הערשער איבער אַראַביען איז געשטאָרבען אַן אָרימאַן, וויא ער איז געבאָרען געוואָרען. וויא ווייט מען וויים, האָט ער זיך קיינמאָל ניט געיאָגט נאָך רייכטהימער פאר זיך. זיין גרעסטע שוואַכקייט איז געווען זיין ליעבע צו פרויען נאָך דעם טויט פון חאַדידזשאַ. ער האָט אַליין ערקלערט: „מעהר פון אַלעס אין דער וועלט האָב איך ליעב געהאַט פרויען און פּערפיומען, אָבער אמת׳ע ענטציקונג האָב איך נאָר געפונען אין געבעט.“

ער איז אויסגעגאַנגען דעם 7טען אָדער דעם 8טען יוני, 632טען יאָהר, ווען ער איז אלט געווען 63 יאָהר.

אין מעדינאַ האָט ער אַלזאָ געלעבט 10 יאָהר, אָבער אין דיזער קורצער צייט האָט ער איינגעפלאַנצט דעם איסלאַם כמעט אין גאַנץ אַראַביען, וויא מיר האָבען דאָס שוין אויבען געזעהען.

## דער קאָראַן.

יעצט וועלען מיר ווארפּען א בליק אויף מאהאָמעד'ס גייסטיגע ווערק, אויף דעם קאָראַן, דיא ביבעל פון אַלע מוסולמאַנער. על־קאָראַן בעדייטעט בוך; אָבער דאָס איז ניט אַ געוויינליכער בוך, זאָנדערן דער אויסדרוק פון איסלאַם (פון געטליכען ווילען). דיא מוסולמאַנער גלויבען, אַז יעדעס וואָרט אין דיזען בוך איז דירעקט דיקטירט פון גאָט דורך מאהאמעד'ס מויל און אַז אַלעס צוזאמען איז דיא געטליכע וואהרהייט זייט דיא וועלט איז בעשאַפען געוואָרען.

אין דער ווירקליכקייט אָבער איז נאָר אַ טהייל פון קאָראַן דיקטירט געוואָרען פון מאהאָמעד'ן זעלבסט אין פערשיעדענע צייטען פון זיין פּראָפּעטען־קאַריערע און אונטער פערשיעדענע אומשטענדען. זיינע שילער האָבען פערשריעבען, וואָס ער האָט געזאָגט. נאָך זיין טויט האָט מען געפונען טהיילען פון זיינע נביאות און דרשות פערשריעבען אויף פּאַרמעט, לעדער, פּאַלמבלעטער און זאָגאַר אויף דיא שולטער־ביינער פון שעפּסען. איינציגע שילער האָבען פערצייכענט איינפאַך, וואָס זיי האָבען זיך געקאָנט דערמאָנען פון דעם פּראָפּעט'ס ווערטער. מאהאמעד זעלבסט האָט ניט געזאָרגט וועגען אַ ריכטיגע צוזאמענשטעלונג פון זיינע פּראָפּעצייהונגען און אויפקלעהרונגען. נאָר אַ קורצע צייט נאָך זיין טויט האָט מען געפונען פאר נייטיג צוזאמענצוקלייבען אַלע פערצייכענטע נביאות, און אבו־בעקר, דער ערשטער חאַליף (שטעלפערטרעטער פון פּראָפּעט) האָט זיך דערמיט פלייסיג בעשעפטיגט. עס איז העכסט וואַהרשיינליך, אַז דער קלוגער און דיפּלאָמאַטישער מעניש האָט עפּעס געענדערט און פערגלעט געוויסע פסוקים פון קאָראַן. דיא ענדליכע צוזאמענשטעלונג פון קאָראַן אין דער פאָרמע, וויא ביז היינט צו טאָג, איז געמאַכט געוואָרען אין דער צייט, ווען אָסמאַן איז געוועזן חאַליף.

דיא צוזאמענשטעלונגען פון קאָראַן איז אָבער אָהן שום מעט־

האָרע און אָרדנונג. דער קאָראַן איז א מיש־מאַש פון פסוקים, וועלכע ווידערשפּרעכען זיך גאַנץ אָפט. מען דאַרף זיין א בלינדער פאַנאַטיקער צו זעהען אין דיזען בוך ניט נאָר גאָט'ס ווילען, זאָנ־דערן אפילו דעם געדאַנקען־אויסדרוק פון א מענשען מיט א קלאָ־רען פערשטאַנד. דער בוך איז צוטהיילט אין 114 סוראַס אָדער קאַפּיטלען, אָבער אָהן שום צוזאַמענהאַנג. איינינע קאַפּיטלען זיי־נען זעהר לאַנג, אַנדערע פערנעהמען בלויז עטליכע צייילען. דיא פאָרמע פון דיא פסוקים איז א פּאָעטישע (מאַהאַמעד איז געוועזען א פּאָעטישע נאַטור), און מאַנכע ענדיגען זיך זאָגאַר מיט גראַמען.

דיא רעדאַקטאָרען פון קאָראַן זיינען וואהרשיינליך אליין צו־מישט געוואָרען פון דיא ווידערהאָלונגען און ווידערשפּריכע, וועלכע זיי האָבען געפונען פערצייכענט אלס דיקטירונגען פון פּראָפעט, און אַזוי וויא זיי האָבען בלינד געגלויבט, אז יעדער וואָרט איז א געט־ליכע אָפענבאַרונג, האָבען זיי אַלעס איבערגעשריעבען, וויא זיי האָ־בען עס געקראָגען אונטער דער האַנד, איבערלאָזענדיג דיא מוסול־מאַנער צו מאַכען פשט'לעך און פּלפּולים וועגען דיא מיינונג פון יעדען פסוק און יעדען וואָרט. וועגען קאָראַן האָט מען טאַקע מיט דער צייט אָנגעשריעבען אַזוי פיעל בערג מיט קאָמענטאַרען, וויא וועגען דיא ביבעל.

נאָך זייער אינהאַלט זיינען איינינע טהיילען פון קאָראַן איינ־פאַך פאַנטאַסטישע בילדער, וויא צום ביישפּיעל דיא שילדערונגען וועגען דיא „דזשינען" אָדער בעשעפּעניסען, וועלכע שוועבען אין דער לופט; אַנדערע ענטהאַלטען אַלגעמיינע מאָראַל־דרשות אַזוי וויא אין דיא ביכער פון אַנדערע פּראָפעטען און איבערהויפּט אַזוי וויא אין אַלע רעליגיעזע לעהרען, און דיא איבעריגע זיינען פול מיט ווידערהאָלונגען וועגען דיא ספּעציעלע פּונקטען פון מאָהאַמעדאַ־ניזמוס.

וועגן דיזע פּונקטען וועלען מיר דאָ זאָגען עטליכע ווערטער. אויף איינינע פון זיי איז שוין אָנגעדייטעט געוואָרען אין דיא שיל־דערונגען איבער זיין לעבען און קאַמפּף.

דער צענטראל פונקט פון איסלאם איז: „קיין גאָט אויסער אלאה, און מאהאָמעד איז זיין פראָפעט.“ קאָראַן איז פול מיט ווידערהאָלונגען וועגען דיא איינהייט פון גאָט. דערמיט איז מאַהאָמעד'ס לעהרע א שטרענג מאָנאָטעאיסטישע. אין דער 112־טער סורא ערקלערט ער: „גאָט איז איינער. ער עקזיסטירט אייביג. קיינער איז ניט גלייך צו איהם.“ דאָך האָט ער ניט נאָר אנערקענט דיא געגענמאכט פון טייוועל נאָך דיא פערסיש־אידישע בעגריפע, זאָנדערן אויך גאַנצע מחנות פון מלאכים און שדים. נאָר זייערע אויפטואונגען זיינען ניט בעשטימט. דיא פסוקים וועגען דעם טייוועל זיינען צומישט און ווידערשפרעכענד.

מאהאָמעד גיט זיך ניט ארויס פאר דעם ערשטען גרינדער פון איסלאם. אין עטליכע פסוקים, וועלכע זיינען צו־וואָרפען אין פערשיעדענע סוראס, ערקלערט ער: „אַנפאַנגס האָבען אלע מענשען געהאט איין גלויבען, נאָר נאכהער האָבען זיך צווישען זיי אָנגעפאַנגען רעליגיעזע שטרייטען... איסלאם איז דיא רעליגיאָן פון נח, אברהם, משה און יעזוס... זאָג: מיר גלויבען אין גאָט, און דאָס וואָס ער האָט ענטדעקט צו אברהם, ישמעאל, יצחק, יעקב און דיא 12 שבטים. מיר גלויבען אין דיא הייליגע ביכער, וועלכע משה, יעזוס און דיא נביאים האָבער ערהאַלטען פון הימעל....“

אלס אַן אראב און א חאניף מיט נאציאָנאלע שטרעבונגען האָט ער בעזאָנדערס פערעהרט דעם ביבלישען פאטריארך אברהם! דעם גאַנצען איסלאם האָט ער ארויסגעשטעלט אלס אברהם'ס רעליגיאָן, פון וועלכער ער האָט נאָר אַזוי פיעל געוואוסט, וויא ער האָט עס געהערט פון דיא האניפען. אין אייניגע פסוקים שטעלט ער ארויס דיזע גאַנץ־אונבעשטימטע רעליגיאָן געגען דיא אידישע און קריסטליכע, וויא צום ביישפיעל: „אברהם איז ניט געווען א איד און ניט א קריסט, ער איז געווען א רעכט גלויביגער, א מוסולמאַן, א פערעהרער פון איין גאָט... דיא אידען און דיא קריסטען זאָגען: נעהמט אָן אונזער גלויבען, אויב איהר ווילט גערעטעט ווערען. ענטפער זיי: מיר אנערקענען דעם גלויבען פון אברהם, וועלכער האָט

זיך אָבגעזאָגט צו דיענען צו געצקעס און האָט זיך נאָר געבוקט צו איין איינציגען גאָט.״

אינטערעסאַנט זיינען דיא פּסוקים, אין וועלכע ער ענטפּערט דיא אונגלויביגע אין איסלאַם. אין איין אָרט פון קאָראַן ערקלערט ער: „ווען מען רעדט איין דיא אונגלויביגע אָנצונעהמען גאָט׳ס וואָרט, ערווידערען זיי: „מיר פאָלגען דעם גלויבען פון אונזערע על־טערען.״ אָבער דאַרפען זיי רען אויף פאָלגען, ווען זייערע עלטערן זיינען געווען אין פינסטערניס און אירטהום?״ דעם זעלבען אַר־גומענט, וועלכען מען קען אָנווענדען געגען יעדען אַלטען גלויבען, ווידערהאָלט ער כמעט מיט דיא זעלבע ווערטער אין פערשיעדענע סוראס. אין איין סורא ווענדעט ער זיך צו דיא יעניגע, וואָס האָבען פערלאַנגט נסים פון איהם, מיט דיזע ווערטער: „דיא פריהערע פּראָפעטען האָבען געצייגט וואונדער, און דיא אונגלויביגע האָבען זיי דאָך געטויטעט... נסים זיינען אין גאָט׳ס מאַכט. ער צייגט זיי אייך ניט, ווייל ווען איהר וואָלט זיי געזעהען, וואָלט איהר אויך גע־בליבען אין אייער אונגלויבען... ווען מיר וואָלטען אראָפּגעשיקט מלאכים פון הימעל, ווען טויטע וואָלטען גערעט, וואָלטען זיי אויך ניט געגלויבט... ווען זיי וואָלטען געזעהען וויא דער הימלישער גע־וועלב פאַלט אויף זייערע קעפּ, וואָלטען זיי נאָר געזאָגט דאָס זיינען געדיכטע וואָלקענס... יעדעס פאָלק האָט צוריקגעשטויסען זיינע נביאים — אַלע דיזע פעלקער זיינען אונטערגעגאַנגען. זיי האָבען גערופען גאָט׳ס שליחים: שווינדלער, און זיי זיינען אומגע־קומען... אויך פריהער האָט מען זיך אויסגעלאַכט פון גאָט׳ס דיענער, אָבער דער סוף איז געווען א ביטערער פאַר דיא אָפּלאַ־כערס.״

אין קאָראַן זיינען צוזייהט פערשיעדענע פּסוקים, אין וועלכע דיא אונגלויביגע ווערען געסטראַשעט מיט דיא שרעקליכסטע שטראָ־פען פון גאָט... קוריעז איז אויך דער פּסוק, וואו מאהאמעד ענט־פערט זיינע געגנער, וועלכע האָבען איהם אויפגעוואָרפען, דאָס ער פּרעדיגט אין דער אראַבישער פאָלקסשפּראַך (קיין אנדערע האָט ער

איבערהויפּט ניט געקענט) : „ווען מיר וואָלטען איבערגעגעבען דעם איסלאַם אין אַן אונבעקאַנטע שפּראַך, וואָלטען זיי געשריען : „וואָרום האָט ער ניט דייטליך ערקלערט ?"

דער זאָנדערבאַרסטער טהייל פון קאָראַן איז דיא לעהרע וועגען דעם זאָגענאַנטען פאַטאַליזמוס. מאהאָמעד האָט נעמליך געפּרע־דיגט, אַז דער שיקזאַל פון יעדען מענשען איז פאָראויס בעשטימט פון גאָט אַליין. דיזע לעהרע איז אָבער זעהר צומישט און אונדייט־ליך, דען ווען מען זאָל איהר פיהרען צו לאָגישע שליסע, בלייבט דעם מענשען זעלבסט גאָר ניט צו טאָן, אום צו ענדערן זיין שיקזאַל. שטרייטיגקייטען וועגען דיזען וויכטיגען פונקט פון דער מאהאמע־דאנער רעליגיאָן האָבען געפיהרט צו דער ערשטער פערטהיילונג פון מוסולמאַנער און דיא סעקטען פון סוניטען און שיאיטען.

אין איין סורא שטייט אַזוי געשריבען : „גאָט האַלט אין זיינע הענד דיא שליסלען פון דאָס פערבאָרגענע. ער ווייס אַלעס, וואָס עס קומט פאָר אויף דער ערד און אין דער טיפענים פון ים. א בלעטעל פאַלט ניט פון א בוים אָהן זיין וויסען. עס איז ניטאָ קיין קערנדעל אויף דער ערד, וואָס זאָל ניט זיין פערשריעבען אין גאָט'ס בוך..." אין אַן אַנדער סורא ערקלערט ער : „ניט איהר האָט גע־טויטעט דיא פיינדע פון איסלאַם, זיי זיינען געפאַלען אונטער דעם שווערד פון אַלמעכטיגען. ניט דו, מאהאמעד, ביזט אָנגעפאַלען אויף זיי, זאָנדערן גאָט, אום צו צייגען זיין שוין. יעדעס פאָלק האָט זיין בעשטימטען שיקזאַל, מען קען איהם ניט אָפּלייגען, ניט שנעלער מאַכען."

ניט אַכטענדיג אויף דיזען פאַטאַליזמוס, אַנערקענט מאהאָמעד דאָך דעם פרייען ווילען פון יעדען מענשען. דער פרייער ווילען איז אָבער, נאָך זיין לעהרע, בעשרענקט אויף דעם מענשען'ס אינערליכע מאָראַל און אויף זיין טרייהייט צו גאָט'ס געבאָט. דער מענש קען טאַקע ניט ענדערן דעם שיקזאַל, וועלכער איז בעשטימט פון אויבען, אָבער ער האָט דאָך דיא פרייהייט צו בלייבען גוט אָדער שלעכט, גלויביג אָדער אונגלויביג.

אויף דיזער ווייזע האָט ער זיך אַרויסגעדרעהט פון דעם שטענ־

ריגען ווידערשפּרוך צווישען דער געטליכער השגחה, וועלכע בע־שטימט און בעזאָרגט אַלעס אויף דער וועלט, און דעם פרייען ווי־לען פון מענשען. אזוי וויא ער איז ניט געוועזן א פילאָזאָף און זיינע אנהענגער האָט ער נור געלערנט צו גלויבען בלינד, צו זוכען דיא גרעסטע בעפרידיגונג אין תפילות און צו קויפען זיך א זיכערן פּלאַץ אין גן־עדן דורך פּינקטליכע אויספיהרונגען פון אַלע פאָר־שריפטען אין קאָראַן פאַר א גוטען מוסולמאַן, האָבען זיי זיך גאַניץ ווייניג געקימערט וועגען פילאָזאָפישע חקירות און האָבען זאָגאר ניט געזעהען דעם אָפּענעם ווידערשפּרוך אין זיין לעהרע וועגען פאטא־ליזמוס און וועגען דיא שטראָפען אָדער בעלוינונג פאר מענשליכע האַנדלונגען.

אין איין סורא ווערט ערקלערט : „דער מענש איז ארומגערינ־געלט מיט מלאכים, וועלכע בייטען זיך שטענדיג. גאָט האָט זיי געהייסען בעוואַרען דעם מענש. ער נעהמט צו זיין הילפע נאָר דאַן, ווען דער מעניש ווערט פערדאָרבען.“ נאָר וויא אזוי א מענש קען פערדאָרבען ווערען אָהן גאָט'ס צושטימונג און וואַרום איהם קומט א שטראָף, ווען גאָט האָט פאָראויס אַלעס בעשטימט — דאָס זוכט מאַהאָמעד גאָר ניט צו ערקלערען.

אויך זוכט ער ניט צו ערקלערען, וויא אזוי דער טייוועל קען האָבען אזא מאַכט איבער מענשען, אַז זיי זאָלען טאָן שלעכטעס, ווען גאָט וויל, אַז זיי זאָלען טאָן גוטעס און ווען ער האָט איבער־הויפּט בעשטימט זייער שיקזאַל בשעת זיי ווערן געבאָרען.

נאָר וויא באַלד מאַהאָמעד האָט אנערקענט דעם פרייען ווילען פון מעניטען און דיא גרויסע פערדארבענדע ווירקונג פון טייוועל אויף מעניטען, טראָגט דער געטליכער בעשטימונג פון אַלעס, וואָס עס פּאַסירט און דאַרף פּאַסירען אין דער וועלט, האָט ער שוין גע־מוזט קומען צו דיא געוועהנליכע לעהרען פון אַלע רעליגיאָנען וועגען א גן־עדן פאַר גוטע און פרומע און א גיהנם פאַר שלעכטע און אונ־גלויביגע. דאָ האָט זיך זיין קרענקליכע פאַנטאַזיע פאַנאַנדערגע־לאָזען. אייגענטליך האָט ער אין זיינע שילדערונגען וועגען גיהנם, גן־עדן, לעצטען געריכט און איבערהויפּט וועגען דעם לעבען אויף

יענער וועלט קאָפּירט דיא פּאָרשטעלונגען פון פּערסען, אידען און קריסטען, נאָר ער האָט דיא בעלוינונגען אין גן־עדן געמאַכט אנציהענדער דורך פערשפּרעכונגען צו בעפרידיגען געוועהנליכע מענשליכע ליידענשאַפטען. ער האָט איינפאַך בעשריעבען דעם גן־עדן אַלס אַ פּרעכטיגען גאָרטען, וואו דיא גלויביגע וועלען לעבען אייביג אין קערפּערליכע פערגניגען צוזאַמען מיט שעהנע און רייצענדע מיידלעך, דיא זאָגענאַנטע הורי...

אזא גן־עדן האָט פּאָלשטענדיג געשטימט מיט דיא בעגריפע און בעגעהרען פון דיא אַראַבען און איבערהויפּט פון דיא אזיאַטען. דאַרום האָט דער מאַהאָמעדאַניזמוס געהאַט אזא שטאַרקע צוציהונגסקראַפט פאַר זיי. אזוי וויא מאַהאָמעד האָט פערשפּראָכען אַלע גליקען פון גן־עדן יעדען מוסולמאַן, וואָס וועט פאַלען אין אַ שלאַכט מיט אונגלויביגע, — דאָס וואָס ער האָט גערופען „הייליגע מלחמה", — וויא עס איז שוין ערקלערט געוואָרען אין אַ פּאָריגען קאַפּיטעל — זאָ זיינען דיא פאַנאַטישע מוסולמאַנער גערן געגאַנגען ריזיקירען מיט זייער לעבען אויף דעם בעפעהל פון זייערע האַליפען.

דיא בעגייסטערונג פון דיא אַראַבען פאַר דעם איסלאַם איז געוועזען אַזוי גרויס, אַז אין אַ קורצער צייט האָבען זיי מיט דער מאַכט פון שווערד פערשפּרייטעט זייער גלויבען איבער גאַנץ וועסט און צענטראַל אזיען, איבער טהיילען פון אינדיען און כינאַ, איבער גאַנץ נאָרד־אַפריקאַ, פון וואַנען אַ טהייל פון זיי האָט זיך אריינגעריסען אין שפּאַניען און האָט געסטראַשעט צו פערפלייצען אייראָפּאַ. אַלע קריסטליכע פעלקער פון אייראָפּע האָבען געמוזט קעמפּפען יאהרהונדערטע געגען דיא מוסולמאַנער וועלט, וועלכע איז ריעזיג געוואַקסען ניט נאָר אין צאָהל, זאָנדערן אויך אין קולטור.

וואָס מען זאָל ניט דענקען וועגען מאַהאָמעד'ן זעלבסט און זיין רעליגיעזע לעהרע, וויא זיא איז אויסגעדריקט אין קאָראַן, נאָר זיכער איז עס יעדענפאַלס, אַז אונטער דעם איינפלוס פון איסלאַם האָבען דיא אַראַבען גייסטיג אויפגעלעבט, האָבען אויפגערודערט דיא גאַנצע וועלט און האָבען אויך פיעל געווירקט אויף דעם פּראָ־

גרעס אין אייראָפּא. דיא הויפּטשטעדט פון דיא מוסולמאַנער מלוכות, ספּעציעל באַגדאַד און קאָרדאָווא, זיינען געוואָרען דיא צענטערס פון בילדונג און ציוויליזאַציאָן אין מיטעלאַלטער, און פון דיזע צענטערס האָט זיך צוגאָסען א ליכט איבער אייראָפּא, וועלכע איז דאַן בעדעקט געווען מיט דיא פינסטערע וואָלקענס פון קאַ־טאָליציזמוס.

ע נ ד ע.

# ר׳ ישראל בעל שם טוב

דער גרינדער פון חסידיזמוס.

זיין לעבען, טהעטיגקייט און פילאזאפיע.

פון

## א. פרומקין.



## ערשטער קאפיטעל.

## זיין געבורט און זיין יוגענד.

קוועלען און לעגענדען וועגען זיין געבורט. — זיינע עלטערן. — ער ווערט א יתום. — אין חדר. — דיא פארצייטיגע מלמדים און דער „בעהעלפער". — זיין אנטלויפען אין וואלד. — זיין ליעבע צו דער נאטור און צו מוזיק. — ער ווערט א „בעהעלפער", דער נאך א שמש פון שוהל.

אם ענדע פון זיעבעצעהנטען יאהרהונדערט זיינען דיא אידען אין פוילען געשטאנען אויף א טרויעריגער שטופע פון קולטור. דיא בלוטיגע טעג פון דיא יאהרען 1648—55, וועלכע זיינען בעקאנט אין דער אידישער געשיכטע אונטער דעם נאמען „גזרות ת״ח", האבען געלאזט א טיעפען איינדרוק אויף דעם גייסטיגען צושטאנד פון דיא דאמאלסדיגע אידען. דיא ווילדע קאזאקען האבען פערטרונקען דאס גאנצע לאנד מיט אידיש בלוט; דיא ישיבות זיינען פערניכטעט געווארען. אויף א צייט לאנג האט דארט אויפגעבליהט דיא קבלה, דיא תורה פון דיא אידישע מיסטיקער. דיא בעוועגונג פון „שבתי צבי" האט זיך פערשפרייט איבער דער לייגג און דער ברייט פון פוילען. זיא האט זיך אזוי טיעף איינגעגעסען אין דיא ביינער פון דיא דארטיגע אידען, אז זאגאר דאן, ווען דער „פאלשער משיח" איז שוין געווען טויט, האבען זיי איהם ניט אויפגעגעבען אין גאנצען. פון דיעזער

משיח־בעווענונג איז אין פוילען געבאָרען געוואָרען דיא סעקטע „חסידים״, וועלכע האט געוואָלט אראָבברייננגען דיא גאולה דורך תעניתים און דורך פערשיעדענע קערפערליכע פייניגונגען, און אן דער שפּיצע פון וועלכער עס זיינען געשטאנען דיא צוויי בעריהמטע קאבאליסטען יהודה חסיד און חיים מלאך. אָבער אויך פון זיי האט זיך גאָר ניט אויסגעלאָזען. נאָר אן איינדרוק האָבען זיי געלאָזען איבעראל, וואו זיי זיינען געוועזן; און וויא ענטטוישט דאָס פאָלק איז ניט געוועזן, האבען זיך פון דעסטוועגען געפונען מאסען, וואס האבען ארויסגעקוקט אויף וואונדער.

אונגעפעהר אין יענער צייט איז אין א קליין שטעטעל אין וואָלאכיע געבאָרען געוואָרען דער פאָטער פון דעם „חסידיזמוס״, ר׳ ישראל בעל שם טוב.

* * *

וואו און אין וועלכען יאָהר ער איז געבאָרען געוואָרען, ווייס מען ניט גענוי. ביאָגראפיען האָט מען דאָרט אין יענע צייטען ניט געשריעבען. כמעט אלעס וואָס מיר ווייסען וועגען ר׳ ישראל בעל שם טוב, קומט צו אונז פון לעגענדען און מעשיות וואָס זיינע חסידים, זיינע נאכפאָלגער האבען איבערדערצעהלט איינע דיא אנדערע, ביז וואנען מען האָט דיזעלבע מעשה׳לאך אנגעפאנגען צו פערעפענטליכען אין שריפט. פאר דיא גלויביגע, וואס האבען דערצעהלט דיא שבחים פון דעם „בעש״ט״ (בעל שם טוב) נאָך זיין טויט, איז ניט וויכטיג געוועזן צו בעשטימען אויף ריכטיג, וואו און ווען זיי האָבען פאסירט. אויב דער בעל שם האט עטוואס געזאָגט אָדער בעוויזען א וואונדער איז פאר זיי גענוג צו וויסען, אז ער האָט דאס און דאָס געזאָגט און דאָס און דאָס געטהאָן. געהן אויסרעכענען אויף ריכטיג ווען דאס איז געשעהן, דאס איז געוועזן א צו שווערע ארבייט און דיא חסידים האָבען עס געמוזט בעטראכטען פאר א׳ן איבעריגע זאך.

לעגענדען זיינען דערצעהלט געוואָרען וועגען יעדען גרויסען מאן, זאָגאר אין דיא לעצטערע צייטען, ווען מען האָט שוין געפיהרט טאגע ביכער און געשריבען ריכטיגע ביאָגראפיעס. בעזאָנדערס זיינען דיא לעבענס־בעשרייבונגען פון אלע רעליגיאָנס־גרינדער פול מיט לעגענדען.

און דער גרינדער פון׳ם „הסידיזמוס" איז אין דיזער הינזיכט ניט נאָר ניט געוועזען קיין אויסנאהמע, נאָר גראָד פערקעהרט, זיין לעבען איז אזוי איינגעוויקעלט אין א וואָלקען פון בבא מעשיות און פון וואונ־דערליכע, צויבערהאפטע ערצעהלונגען, אז ער ווייזט עפּעס אין גאנצען אויס וויא א פאבעלהאפטע פערזאָן.

איבערהויפּט זיינען דאָ זעהר ווייניג ביאָגראפישע ידיעות מכח זיינע קינדער־יאָהרען. וויא מען קען ארויסנעהמען פון דיא פערשיע־דענע שריפטען וואס זיינע אנהיינגער האָבען פערשפּרייט א צייט נאָך זיין טויט, איז ער געוועזען א קינד פון אָרעמע, פראָסטע עלטערן. זיין פאָטער ר׳ אליעזר איז געוועזען א פרומער איד פון׳ם איינפאכען פאָלק, פון׳ם המון עם. קיין פרנסה, ווייזט אויס, האָט ער אליין ניט געהאט. ער האָט געלעבט אויפ׳ן חשבון פון זיין פרוי שרה, דעם בעל שם׳ס מוטער, וועלכע איז געוועזען א הייבאמע. ישראל איז געוועזען א בן יחיד ביי זיינע עלטערן.

וועגען זיין געבורט דערצעהלען דיא חסידים א וואונדערבארע מעשה׳לע. אָהן דעם פאנגט זיך גאָר ניט אָן. דיא פאנטאזיע פון דעם בעל שם׳ס אנהיינגער וואָלט ווירקליך געבליבען באנקראָט, ווען זיא וואָלט ניט אויסגעטראכט עטוואָס וואונדערבאַרעס וויא אזוי זייער געטליכער רבי איז געקומען אויף דער וועלט.

„איינמאָל — דערצעהלט דיא לעגענדע — זיינען דיא ווילדע טאטארען בעפאלען דאס שטעטעל, וואו ר׳ אליעזר, דעם בעל שם׳ס פאָטער, האָט געלעבט. וויא זייער שטייגער איז געוועזען, האָבען זיי אויסגעליידיגט דיא הייזער פון׳ם גאנצען שטעטעל, גענומען דיא איינ־וואוינער געפאנגען און זיי דערנאָך פערקויפט פאר קנעכט און דיענ־סטען. צווישען דיא געפאנגענע איז אויך געוועזען דער פאָטער פון דעם גרינדער פון „חסידיזמוס". דיא מוטער זיינע האָט זיך אויסגעדרעהט פון דיא טאטארישע הענד און איז אנטלאָפען ערגעץ־וואו.

„דיא טאטארען האָבען אליעזר׳ן אוועקגעפיהרט אין א וועיטער מדינה, וואו קיין אידען זיינען ניט געוועזען. דאָרט האָבען זיי איהם פערקויפט פאר א שקלאף. נאָר ער האָט נושא חן געוועזען ביי זיין

בעל הבית, וועלכער האט איהם געמאכט פאר דעם פערוואלטער פון זיין הויז.

„און עס פליהען דיא טעג, א טאָג נאָך א טאָג. אליעזר מאכט ביי זיך אָב צו אנטלויפען פון זיין בעל הבית. נאָר פון הימעל ניט מען איהם א וואונק צו בלייבען—

„מען דארף איהם נאָך האָבען דאָ, אין דער מדינה...

„אוןווייל ער איז געווען אזוי טהייער ביי זיין הערר, האָט ער איהם א מאָל אוועקגעשיינקט צו דעם שני למלך, דיא רעכטע האנד פון סולטאַן.

„איינמאָל האט זיך געמאכט, אז דער שני למלך איז געווען שטארק צוטראָגנען. דער סולטאַן האָט זיך געפונען אין א שרעקליכער צרה, און ער האָט בעדארפט אן עצה,

„און אליעזר האָט דיא עצה געגעבען. פון הימעל האט מען זיא איהם מגלה געווען...

„וואָס נאָכדעם איז געווען פערשטעהט זיך שוין פון זיך אליין. אלץ האָט ער געקראָגען, אי גדולה, אי כבוד, אי עשירות, און דערצו נאָך א פרוי אויך!

„און דיא פרוי איז א שעהנע געווען, דיא שעהנסטע טאָכטער פון לאנד. נאָר אליעזר האט זיך ניט צוגעריהרט צו איהר...

„אז זיא פלעגט איהם פרעגען פאר וואָס ער בעהאנדעלט איהר אזוי, און אז זיא פלעגט איהם זאָגען, וויא ליעב זיא האָט איהם — פלעגט ער זיך אויסדרעהען יעדעס מאָל מיט אן אנדער תירוץ.

„נאָר איינמאָל האט זיא איהם שטארק דערקוטשעט, ער זאָל איהר זאָגען וואָס מיט איהם איז, דערצעהלט ער איהר מיט טרעהרען אין דיא אויגען, אז ער איז א איד...

„האָט זיא איהם אָבגעלאָזען, און גאָלד האָט זיא איהם מיטגעגעבען, און זילבער און אלערליי גוטע זאכען.

„נאָר אויפ'ן וועג זיינען איהם בעפאלען גזלנים און האָבען אוועקגערויבט זיין גאנצען פערמעגען.

„דאַן האָט זיך אליהו הנביא צו איהם בעוויזען אויפ'ן וועג און האָט איהם אָנגעזאָגט, אז פאר דיא אלע צרות וואָס ער האָט איבער־

געליטען, וועט איהם גאָט בענשען אויף דער עלטער מיט א זוהן, וואָס וועט אויפעפענען די א אויגען פון אידישען פאָלק.

„און אזוי — ענדיגט דיא לעגענדע — איז געבאָרען געוואָרען ר' ישראל בעל שם טוב."

לאנג, ווייזט אויס, האָט דער אינגעל ניט זוכה געווען צו זיין מיט זיינע עלטערן צוזאמען. זיין פאָטער אליעזר איז געווען זעהר אלט און שוואך. ער איז געשטאָרבען, ווען זיין זוהן ישראל איז אלט געווען עטליכע יאָהר. פאר'ן טויט,—אזוי דערצעהלט זיך אין דיא „שבחי בעש"ט" — האָט ער ישראל'ן גענומען אויף דיא הענד און האָט איהם געזאָגט: „וויא דו זעהסט, מיין קינד, איז געקומען מיין צייט זיך אָבצוזעגענען מיט דער וועלט. איך בין זיכער, אז דו וועסט זיין א גרויסער, געטליכער מאן. געדענק זשע, מיין זוהן, אז גאָט ברוך הוא וועט זיין שטענדיג מיט דיר, און דוא דארפסט פאר קיינעם קיין מורא ניט האָבען."

אָט דיא לעצטע ווערטער פון זיין שטערבענדען פאָטער זיינען איינגעקריצט געוואָרען אין זיין קינדערש הערצעל; ער האָט זיי, ווייזט אויס, קיינמאָל פון זינען ניט ארויסגעלאָזען.

אָבער דאס איז ניט געווען אלעס. נאָך דעם פאָטער איז דיא מוטער, הפנים, אויך באלד געשטאָרבען, און ישראל איז געבליבען א פאלשטענדיגער יתום, עלענד און אליין; זיין ערציהונג איז איצט געווע אין דיא הענט פון פרעמדע מענשען, וועלכע האָבען פון איהם געוואָלט מאכען א לערנער, א בן תורה.

וויא דער שטייגער איז, האָבען איהם זיינע פערזאָרגער אריינגענעבען אין א „חדר". עס זיינען איצט דאָ זעהר ווייניג פלעצער, וואו מען קען נאָך זעהן א פארצייטיגען חדר. דאס איז געווען א מורא'דיגער פלאץ, א מין גיהנום פאר דיא קליינע חברה. דער אידישער פילאָזאָף שלמה מיימון, וועלכער האָט געלעבט אין יענער צייט, דערצעהלט זיך אָן שוידערליכעס וועגען דעם. „דער הדר—זאָגט ער—דאס איז אן ענגער, שמוציגער צימער, פול מיט רויך. אטהייל פון דיא קינדער זיצען אויף ביינק און א טהייל אויף דער ערד. דער מלמד, אין א שמוציגע העמד, זיצט ביים טיש מיט א גראָבען

שטעקען אין דער האנד. דיזער שטעקען דיענט אויף צוויי זאכען: ער צורייבט דערמיט דעם טאבאק אין דער שיסעל וואס שטעהט אויף דער ערד, לעבען איהם; און אז מען דארף הויבט זיך דערזעל־בער שטעקען אויף איבער דיא פלייצעס און איבער דיא קעפ פון דיא קינדער..."

נאר אויסער דעם „מלמד" איז דא א „בעהעלפער" אין חדר. דאס איז א ווילדע חיה, פאר וועמען דיא קינדער ציטערן וויא פאר פייער. דער בעהעלפער שלאגט זיי נאך מעהר פון דעם רבי'ן. ער עסט אויף דעם גרעסטען טהייל פון דיא „ווארמעסען," וואס ארעמע מאמעס גיבען מיט דיא קינדער אין חדר. מיט איין ווארט, דער „בעהעלפער" איז געווען דער שד פון דיא קליינע חברה; זיי האבען געציטערט פאר איהם און זיי האבען איהם אין הארצען געהאסט וויא דעם טויט.

וואס פלעגט מען אין דיא „הדרים" לערנען? דאווגען, חומש מיט רש"י און מיט דיא עלטערע קינדער אויך גמרא. אבער אלצ־דינג פלעגט נעלערנט ווערן אהן א ברעקעל סיסטעמע, אהן געשמאק. דער אינגעל האט ניט געקענט האבען קיין שום אינטערעסע אין דעם.

און אין אזא מין „חדר" האט זיך געפונען דער יתום יישראל. ער האט ניט געקענט איינזיצען דארט. זיין קאפ איז ניט נעלעגען ביים לערנען. בשעת דער מלמד האט איהם איינגעטייטשט א פסוק פון חומש, האט ער געטראכט וועגען עפעס אנדעריש. איהם האט זיך געוואלט זיין אין דרויסען, ווייט, העט ווייט אין וואלד, וואו עס איז ניטא ניט קיין „מלמד", ניט קיין „בעהעלפער," ניט קיין שמור־ציגער חדר און ניט קיין פערוויינטע, פערטרויערטע פנים'לאך פון קליינע קינדער... שוין אלס קינד האט זיך אין איהם ארויסגעצייגט דיא ליעבע צו דער נאטור, דיא פערגעטערונג פון דאס שעהנע און ערהאבענע. דעם וואלד האט ער געליעבט דאס לעבען, און מעהר וויא איינמאל פלעגט ער פערשוואונדען ווערען אויף עטליבע טעג. מען פלעגט איהם ארומזוכען און ענדליך געפינען אליין אין וואלד, פערטראכט, פער'חלום'ט. דיא בוימער און דיא בערגלאך האבען אין זיך געהאט א בעזונדערן צויבער פאר איהם. עס ווייזט אויס, אז ער

האָט אויך שטארק ליעב געהאט צו הערען דעם געזאנג פון פויגעל. זיינע נאכפאָלגער דערצעהלען, אז ער איז געוועזן זעהר מוזיקאליש. מוזיק איז געווען זיין לעבען. און אזוי בעהאוועגט איז ער געווען אין מוזיק, אז ער האָט געקענט דערקענען פון דעם ניגון וואָס דער „כליזמר" האָט געשפּיעלט, וואָס פאר א סאָרט מענש ער איז, וואָס ער האָט אין זיין לעבען געטהאָן.

אין דעם בעל שם׳ס מנין — אזוי דערצעהלט דיא לעגענדע — איז געווען אן ארענדאר וואָס האָט געהאט א איינגעל מיט זעהר שלעכטע פעהיגקייטען. דאָס איז געווען אָן איינפאכער „גולם" וואָס האָט זיך ניט געקענט אויסלערנען קיין „אלף בית" אפילו. ימים נוראים אָדער יום טוב, אז דער פאָטער פלעגט געהן אין שטאָדט דאווענען, פלעגט ער דעם איינגעל לאָזען אין דערהיים. אזוי האָט ער זיך געפיהרט ביז זיין זוהן איז געוואָרען „בר מצוה." איינמאָל, ערב יום כפור, האָט דער ארענדאר מורא געהאט צו לאָזען זיין איינגעל אין דערהיים ; ער קען נאָך מחלל זיין דעם הייליגען טאָג ; ער וויים דאָך ניט, אז מען דארף פאסטען...

דער איינגעל האָט געהאט א פייפעלע. בשעת ער פלעגט ליגען אויף׳ן פעלד, מיט דיא שאָף און דיא רינדער, פלעגט ער דערויף אויס־פייפען פערשיעדענע, שעהנע ניגונים. דיזע פייפעלע האָט ער מיטגע־נומען מיט זיך אין שוהל אריין. דער פאָטער האָט דערפון ניט גע־וואוסט.

דעם גאנצען טאָג איז דער איינגעל געזעסען אין קלויז און געקוקט מיט אָן אָפענעם מויל אויף דיא אידען וואָס האָבען געדאוועגט. א געפיהל פון קנאה האָט דורכגעדרונגען זיין הארץ. אלע דאווענען, אלע שרייען, אלע וויינען און ער שווייגט, ער טהוט גאָר ניט. א פּאָר מאָל האָט ער זיך גענומען צום פייפעל און געוואָלט ווייזען וואָס ער קען... נאָר דער ארענדאר האָט עס דערזעהן און האָט איהם ניט געלאָזען. ער בעט זיך ביים פאָטער ער זאָל איהם לאָזען כאָטש איין פייף טהאָן—אונמעגליך ! דער איינגעל האָט געהאלטען דאס פייפעלע אונ־טערן קאפּטען, און כדי צו זיין זיכער, אז ער זאָל ניט פייפען, האָט עס דער פאָטער צוגעהאלטען ביי איין ברעג...

דער עולם האָט שוין אָבגעדאַוונט מוסף, מנחה; מען האלט שוין ביי „נעילה". דער איננעל בעט זיך ביים פאָטער, ער זאָל איהם לאָזען א פייף טהאָן, אָבער דער ערענדאר ענטפערט מיט א בייזער, אז ער זאָל זיצען שטיל.

מיט אמאָל האט ביים איננעל געפּלאַצט דיא געדולד...

ער האָט ארויסגעריסען דאס פייפעלע פון דעם פאָטער'ס האנד, און אין קלויז האט זיך דערהערט א מורא'דיגער פייף...

דיא חסידים זיינען פערציטערט געוואָרען און האבען זיך אומ־געקוקט אין אלע זייטען.

און דער „בעל שם" האָט מפסיק געווען אין מיטען דאוונען און האט געזאָגט:

— אָט דער איננעל האט מיט זיין פייף ארויפגעשיקט אלע אונזערע תפילות צום הימעל... דער וואס קען דאוונען, רעדט צו גאָט דורך דיא תפלות... אָבער דער איננעל קען נאָר פייפען, ניט מעהר, און דאָס איז ביי גאָט אָנגענומען וויא אונזערע תפלות...

פון דעם פייף — אזוי האבען זיינע נאכפאָלגער געדרונגען — האט ער דערקענט וואס פאר א איננעל דעם ארענדאר'ס זוהן איז געווען; ער האט אין איהם ענטדעקט א פערבאָרגענעם צדיק.

אָבער ישראל'ס אויפפיהרונג, זיין אנטלויפען איינמאָל נאָך'ן אנדערען פון חדר אין וואלד אריין, האָט איהם פערמאוס'ט אין דיא אויגען פון זיינע פערזאָרגער און זיי האבען זיך אָבגעטרייסעלט פון איהם. דער איננעל האָט אלזאָ גאנין פריה געמוזט אָנהויבען זאָרגען פאר זיך אליין.

אין א קורצע צייט ארום געפינען מיר איהם ווידער אין „חדר"; אָבער ניט אלס „תלמיד," נאָר אלס „בעהעלפער".

און אלס בעהעלפער איז ער געווען אַן אויסנאהמע פון זיינע חברים. ער האָט באלד געוואונען דיא הערצלאך פון דיא קליינע קינדער. זיי האבען איהם זעהר ליעב געהאט. ער פלעגט זיי ניט נאָר פיהרען אין חדר און צוריק, נאָר ער פלעגט אויך מוזען געהן מיט זיי אין שול אריין און זאָגען מיט זיי „אמן" און „קדושה". דיזע ארבייט

פלעגט ער טהאָן מיט דעם גרעסטען פערגניגען. ער איז געווען צופריע־דען מיט זיין בעהעלפערשען לעבען.

נאָר לאנג האט ער זיך דערביי ניט געהאלטען.

מען קען ניט וויסען אויף ריכטיג פאר וואס, נאָר אין א צייט ארום האָט ער געביטען זיין בע׳טעפטיגונג און איז געוואָרען דער שמ׳ש פון דער שוהל. מעגליך, אז דאָס איז געווען דערפאר, ווייל אלס שמ׳ש האט ער געקענט זיין אונאבהייגיגער, מעהר פאר זיך. דער דאמאלס־דיגער שמש איז געווען א מין שומר וואס פלעגט היטען דיא שוהל, און דער יונגער ישראל האט געטהאָן זיין ארבייט וויא עס דארף צו זיין. זיינע בעלי בתים, דיא גבירים פון שוהל, זיינען געווען צופרידען מיט איהם, נאָר זיי האָבען איהם בעטראכט פאר א שטיקעל מ׳שוגע׳נעם, מחמת ער פלעגט אויף זיין דיא גאנצע נאכט, און בייטאָג, ב׳שעת דער עולם האָט זיך ארומגעדרעהט און שוהל, איז ער געשלאָפען.

דיא גאנצע נאכט, ביז טאָג, פלעגט ער זיצען אין שוהל און לערנען.

## צווייטער קאפיטעל

# זיין ענטוויקלונג און זיינע למודים.

וואָס ער האָט געלערנט. — ר׳ אדם און דיא געהיימע כתבים. — זיין חבר ר׳ אדם׳ס זוהן און זיין סוף. — דער בעש״ט ווערט א מלמד. — זיין שידוך מיט דעם בראָדער רב׳ס שוועסטער און זיינע צרות.

וואָס האָט ער געלערנט ? פון וועלכע ספרים האָט דער שפּעטערדיגער גרינדער פון׳ם חסידיזמוס געשעפּט זיינע קענטניסע ? וואָס פלעגט ער לערנען אין דיא נעכט וואס ער איז אויף געוועזן אין ישוה?

א גענויען ענטפער דערויף קען קיינער פון זיינע ביאָגראפען ניט געבען. נאָר פון דיא בעקאנטע פאַקטען וועגען זיינע קינדערישע יאָהרען, פון דעם וואָס דערצעהלט זיך וועגען זיין פאַנטאסטישע נאַטור און זיין ליעבע צום וואַלד, קען מען פערשטעהן, אז ער האָט זיך ניט געבלענדעט דיא אויגען און ניט געבראָכען דעם מוח איבער דער גמרא און איבער דיא „פּוסקים“. דיזע ספרים זיינען, אָהן צווייפעל, געוועזן פאַר איהם צו טרוקען. עס איז גיכער צו גלויבען, אז ער האָט זיך שוין אין דער יוגענד אָבגעגעבען מיט קבלה־ספרים, מיט׳ן „זוהר“, דיא ביבעל פון דיא קבלה־לייט, און אנדערע ווערקע פון אלטע און נייע קאַבאַליסטען וואס האָבען אין יענער צייט געהאַט אן אָבגאַנג אין פּוילען.

אז דער „זוהר״ איז שפּעטער ניט ארויס פון זיינע הענד, פּערנעסען זיינע פערעהרער ניט צו דערצעהלען אויף יעדען שריט און טריט. דיזער ספר, פול מיט ווינקען און סודות, מיט לעגענדען און טיעפזיניגע געדאנקען, געשריבען אין א צוויבערהאַפטען סטיל, האָט געמוזט מאכען א טיעפען רושם אויף דער צארטער, פיהלענדער זעעלע פון דעם יונגען אינגעל. און מען דערצעהלט, אז ווער עס איז שפּע־טער געקומען צו איהם, האָט איהם געפונען ביים „זוהר״. דאָס איז געוועזען זיין טרייעסטער חבר אין לעבען. „אין דיזען ספר״, פלעגט ער אליין זאָגען, „האָט גאָט ברוך הוא בעהאַלטען פאר די צדיקים דאָס ליכט וואָס ער האָט בעשאפען אין די ששת ימי בראשית.״

אויסער די קבלה־ספרים, דערצעהלט מען, האָט ער אויך ליעב געהאט דעם „עין יעקב״, יענעם טהייל פון תלמוד, וועלכע גיט זיך ניט אָב מיט טרוקענע דינים און מיט פּלפּולים; דעם טהייל פון די אגדתות, די לעגענדען פון דער גמרא. ער פלעגט ליעב האָבען, אימיצער זאָל זיצען לעבען איהם און איהם פאָרלעזען שטיקער פו „עין יעקב״.

נאָר אחוץ די ספרים איז אויך דאָ א לעגענדע וועגען געהיימע כתבים, מאנוסקריפּטען, וואס דער יונגער ישראל האָט „על פי נס״ געקראָגען אין יענער צייט, ווען ער איז געוועזען שמש פון שוהל.

אין א געוויסער מדינה — דערצעהלט די לעגענדע — האָט אין יענער צייט געלעבט א הייליגער מאן, א מקובל מיט'ן נאָמען ר' אדם. דיזער מאן האָט אמאָל אין א מערה געפונען א פּאַק מיט הייליגע כתבים, דורך וועלכע ער פלעגט בעווייזען וואונדער. פיעלע נסים האָט ר' אדם געצייגט. ער איז געוועזען א גרויסער אביון. איינמאָל האָט זיך א גרויסען קעניג פערגלוסט אראָבצוקומען צו איהם צו גאסט מיט א גאנצע מחנה פון גענעראַלען און אָפעצירען און סאָלדאטען. און דער הייליגער מאן האָט דורך די הייליגע מאנוסקריפּטען פאר איהם אויפגעשטעלט א פּראכטפּאַלען פּאַלאַץ אין איין מינוט; און א סעודה האָט ער פאר זיי געמאכט כיד המלך, מיט געבראָטענע קאטשקעס און מיט וויין און מיט אלערליי זיסע און געשמאקע מאכלים — אלץ דורך די הייליגע כתבים...

פאר׳ן טויט האָט מען איהם פון הימעל מגלה געווען, אז דיא כתבים געהערן צו ר׳ ישראל דעם זוהן פון אליעזר, וועלכער געפינט זיך אין דער שטאָדט אָקופּ. ר׳ אדם האָט געהאַט אַן איין איינציגען זוהן, האָט ער איהם אָנגעזאָגט, אז נאָך זיין טויט זאָל ער פאָהרען נאָך אָקופּ און איבערגעבען דיא שריפטען צו דעם, וועמען זיי געהערן. דער זוהן האָט געפאָלגט און איז אוועקגעפאָהרען קיין אָקופּ. דאָרט איז ער אריינגעפאָהרען צום „פּרנס חודש" און האָט איהם דערצעהלט, אַז זיין פאָטער האָט איהם פאר׳ן טויט אָנגעזאָגט חתונה צו האָבען אין דער שטאָדט.

האָט מען איהם גלייך געקראָגען אַ כלה. מען האָט איהם חתונה געמאַכט מיט אַ נגיר׳ס אַ טאָכטער.

נאָך דער התונה האָט ער גענומען זוכען דעם, וואָס ער דאַרף, נאָר ער האָט ניט געקענט געפינען קיינעם, אויסער דעם 14 יעהריגען אינגעל ישראל, דער זוהן פון אליעזר, וועלכער האָט געדיענט אַלס שמש פון שוהל. דער יונגער בעל הבית׳ל האָט אַלזאָ גענומען נאָכ־שפּירען דעם אינגעל. ער האָט איהם אַ פּאָר מאָל אונטערגעוואָרפען אַ פּאָר כתבים און האָט געזעהן, וויא דער אינגעל האָט זיי מיט ציטערנדע הענט אַ כאַפּ געטהאָן, זיי דורכגעקוקט און זיי בעהאַלטען אין קעשענע. ער איז אַלזאָ געווען איבערצייגט, אז דאס איז דער, וועמען ער זוכט...

דער סוף איז געווען אז דיא צוויי יונגע לייט האָבען זיך בעקענט איינע מיט דיא אַנדערע. דער בעל הבית׳ל האָט דעם אינגעל איבערגעגעבען דיא איבעריגע מאַנוסקריפּטען און האָט איהם געבעטען, ער זאָל זיין זיין חבר און לערנען מיט איהם צוזאַמען. ישראל האָט איינגעוויליגט דערויף, נאָר מיט אַ בעדינגונג קיינער זאָל דערפון ניט וויסען; פאר׳ן עולם איז ער געווען דעם בעל הבית׳ל׳ס משרת.

דער יונגער מאַן האָט געהאַט אַ רייכען שווער, האָט ער ביי איהם גע׳פּועל׳ט, ער זאָל איהם אויסבויען אַ שטיבעל ערגעץ וואו, הינטער דער שטאָדט. דאָרט איז ער מיט ישראל׳ן געזעסען און געלערנט. זיי האָבען אויך דאָרט געמאַכט פּראָבעס מיט דיא הייליגע כתבים; זיי האָבען פּרובירט בעוויזען וואונדער, וויא דער הייליגער

מאן ר׳ אדם האָט געטהאָן. נאָר דיא פּראָבעס זיינען ניט געלונגען. איינמאָל האָבען זיי דורך דעם אָנגעמאַכט א גרויסע שרפה, א צוויי־טען מאָל האָט זיך דאָס געענדיגט מיט נאָך א גרעסערן אונגליק: דער בעל הבית׳ל איז דער׳הרג׳עט געוואָרען, און ישראל איז געבליבען אליין, אָהן א חבר...

עס דערצעהלט זיך אויך אז בשעת ישראל איז געוועזען שמש פון שוהל, האָט מען איהם חתונה געמאַכט, נאָר זיין ווייב האָט גע־מוזט שטאַרבען אין איין צייט מיט זיין חבר. דער יונגער מאַן איז אלזאָ געבליבען אליין, אָהן אירגענד וועלכע שטיצע, און ער האָט זיך ווידער געמוזט אוועקלאָזען „איבער דער וועלט" זוכען פּרנסה.

און ווידער אמאָל געפינען מיר איהם ביי זיין אמאָליגער בעשעפ־טיגונג אלס „בעהעלפער" אין פערשיעדענע „חדרים", ארומפאָהרענ־דיג פון איין שטעטעל אין דער אנדערער. קיין גליקען, פערשטעהט זיך, האָט ער דערפון ניט געמאַכט; ער האָט קוים געהאַט א שטיקעל ברויט. ער פלעגט נעהן אָבגעריסען, אָבגעשליסען, וויא א בעטלער: אפילו אויף א שבת׳דיגע קאַפּאָטע האָט איהם זיין פּרנסה ניט גע־סטייעט.

און אזוי וויא פריהער איז איהם דיא „בעהעלפעריי" גיך נמאס געוואָרען. זיין ליעבע צו איינזאַמקייט, זיין חשק צו וועלדער און פעלדער, צו דער נאַטור, האָבען איהם געטריבען אוועקצוּוואַרפען דיא בע־העלפער־שטעלע און צו ווערן א מלמד ביי אַן ארענדאַר.

דער ארענדאַר אָדער „ישובניק", וויא מען האָט איהם גערופען און מען רופט איהם נאָך יעצט ביי אידען, איז געוועזען א מערקוויר־דיגער טיפּ. מאָדנע זאַכען דערצעהלט מען זיך אָן פון ישוביניקעס. זייער לעבען איז געוועזען קלעגליך און טרויעריג. „אָרימקייט און אונ־וויסענהייט האָבען געהערשט אין הויז פון יעדען ארענדאַר," דערצעהלט דער פילאָזאָף שלמה מיימון אין זיין אייגענע לעבענס־בעשרייבונג. „דער בעל הבית איז געוועזען גראָב און שמוציג, א פאָלשטענדיגער „עם הארץ" וואָס האָט ניט נאָר ניט געקענט קיין איין לשון קדש׳דיגען וואָרט, נאָר אפילו זשאַרגאָן האָט ער ניט געקענט ריידען. זיין שפּראַכע איז געוועזען א פערדאָרבענעס, צובראָכענעס רוסיש. וועגען

זיין פרוי און קינדער איז שוין נאָר ניטאָ וואָס צוריידען; זיי זיינען געשטאַנען נאָך נידערינגער פון איהם. זיין הויז איז געוועז א פויערישע כאַטקע וואָס האָט געהאלטען ביים איינפאַלען, שוואַרץ פון רויך. קיין קוימען איז ניט געווען אין שטוב, און דער רויך פלעגט ארויסגעהן דורך א גרויסען לאָך וואָס איז געווען אין דאַך. אזוי גיך וויא דער אויוועז פלעגט זיך אויסהייצען, פלעגט מען פערשטאָפּען דיא לאָך, כדי דיא ווארימקייט זאָל ניט ארויס פון שטוב. דיא גאַנצע וואוינונג איז בעשטאַנען פון איין צימער וואָס האָט געדיענט פאַר אלצדינג: א שלאָף־צימער, א שיינק, אַן עסס־שטוב, און א „חדר" פאַר דיא קינדער צום לערנען. אין דיעזען צימער איז שטענדיג געווען הייס צום דערשטיקט ווערן, און מען פלעגט זיך דאָרט באָדען אין שמוץ. אלעס איז געווען אויסגעמישט, דיא ריינע וואַסער און דיא פּאַמוניעצע, דיא שמוציגע קליידער אוּן דיא אויסגעוואַשענע. דאָרט וואו מען פלעגט באַקען און קאָכען, האָט מען אויך געמוזט מעלקען דיא קוה... און אלע, אלע אין איין און דעמזעלבען צימער: דיא שכור'ע פויערים, דער ארענדאר, זיין פרוי און קינדער און — דער מלמד..."

צו אזא לעבען האָט זיך דער בעל שם טוב בשום אופן ניט געקענט צוגעוואוינען. איינע פון זיינע בעדינגונגען, בשעת ער האָט אָנגענומען דיא שטעלע ביים ארענדאר, איז געווען, מען זאָל איהם אויפשטעלען א בעזונדער שטיבעל הינטער'ן דאָרף. דאָרט פלעגט ער לערנען מיט דעם ארענדאר'ס קינדער און אויך פערברייגגען זיין גאַנצע צייט. נאָר עסען פלעגט ער געהן צום „ישוב'ניק" אין הויז.

מיט דער צייט האָט ער שטאַרק נושא חן געווען ביי דיא ארומיגע ארענדארען און ביי דיא „פריצים", מחמת ער האָט געקענט פּויליש, און ער פלעגט זעהר אָפט דיענען אלס דאָלמעטשער צווישען דיא ארענדארען און זייערע פריצים.

אין עטליכע יאָהר ארום געפינען מיר איהם אין דער שטעטעל טלאָסט, ניט ווייט פון בראָד. ער איז שוין זעלבסטשטענדיג און האלט א „חדר" פאַר זיך. זיינע פעהיגקייטען און זיינע קענטניסע אין לעבען האָבען איהם געמאַכט א גוטען נאָמען ניט נאָר אין יענער שטעטעל אליין, נאָר אויך אין אלע ארומיגע פלעצער. ער איז געוואָרען בעליעבט

ביי אלעמען. מען פלענט אפט קומען צו איהם האבען א דין תורה. אז עס האט זיך געמאכט א „בוררות", א מין שיעדס־געריכט. האט מען איהם גענומען פאר א „שליש". מען האט געהאט צו איהם פולען צוטרויען.

צווישען דיא גרויסע לייט, מיט וועמען ער איז דאן געקומען אין בעריהרונג, איז אויך געווען א געוויסער איד מיט'ן נאמען ר' אפרים פון דער שטאד קאטעוו. ער איז געווען דער פאטער פון דעם בעריהמ־טען רב, ר' אברהם גרשון קאטעווער, וועלכער האט געוואוינט אין בראד. ר' אפרים האט געהאט א שטיקעל סכסוך מיט זיינעם א בעקאנטען און האט זיך געקליבען צו פאהרען קיין בראד האבען דארט א דין תורה. אבער אזוי וויא זיין בעל דין האט איהם שטארק אבגע־קויבט דעם מלמד ישראל פון זיין שטעטעל, האט זיך ר' אפרים מישב געווען און איז צוגעפאהרען קיין טלאסט, אום פארצולייגען דארט זיינע טענות. דעם בעל שם'ס פסק האט אזוי אויסגענומען ביי ר' אפר'ם'ן, אז ער האט געזוכט זיך מיט איהם בעסער צו בעקענען; און ווען ער האט זיך דערוואוסט, אז דער מלמד איז אן אלמן, האט ער איהם אנ־געבאטען זיין טאכטער, א גרושה, פאר א ווייב. ישראל האט מסכים געווען דערצו, נאר מיט א בעדינגונג, אז דיא חתונה זאל ניט אב־געלעגט ווערן אויף א בעשטימטע צייט און אז קיינער זאל ניט וויסען דערפון ביז דאן.

אויף'ן וועג, צוריק פאהרענדיג אהיים, איז ר' אפרים געשטארבען.

צווישען דיא פאפירען וואס דער פערשטארבענער האט איבער־געלאזען, האט זיין זוהן, ר' אברהם גרשון, געפונען דיא „תנאים", דורך וועלכע זיין שוועסטער איז געווארען א כלה פאר א געוויסען אלמן מיט'ן נאמען ישראל דער זון פון אליעזר. ער איז ערשטוינט געווא־רען און האט ניט געקענט פערשטעהן וויא אזוי זיין פאטער האט געקענט פער'קנס'ן זיין טאכטער אהן איהר וויסען. ר' אברהם גרשון'ס שוועסטער האט עס אויך ניט געקענט בעגרייפען. זיא האט געצויגען מיט דיא פלייצעס און האט געשוויגען. עס איז געבליבען צו שווייגען דערווייל און אבצואווארטען, אום צו זעהן וואס דא וועט ווערן.

אז דער „זמן״ פון די מלמדות איז אריבער, האָט ישראל פער־לאָזען טלאָסט און איז אוועק קיין בראָד צו ר׳ אברהם גרשון׳ען אין הויז. אָנגעטהאָן אין פראָסטע, פויערשע קליידער האָט ער זיך אוועק־געשטעלט ביים טהיר. דער רב האָט געמיינט, אז דאָס איז עפּעס אַן אָרעמאַן און האָט איהם געוואָלט געבען א נדבה. אָבער וויא ערשטוינט איז ער געוואָרען, אז אָנשטאָט צוצונעהמען דיא נדבה, האָט איהם דער אָבגעריסענער „שלעפּער״ דערלאַנגט דיא „תנאים״ און האָט איהם ערקלערט, אז ער איז געקומען חתונה האָבען.

ר׳ אברהם גרשון איז געבליבען א צוטומעלטער. אין זיין לע־בענס־טאָג וואָלט ער זיך ניט געגלויבט, אז זיין פאָטער וועט אויס־קלויבען פאַר זיין שוועסטער אזא פּראָסטאַק, אזא „נאַרנישט״ פאַר א מאַן. ער האָט אַלזאָ געשיקט רופען זיין שוועסטער און האָט איהר דערצעהלט דיא גאַנצע געשיכטע. זיא האָט ניט געוואָלט געהן נעגען דעם ווילען פון איהר פערשטאָרבענעם פאָטער און עס איז געבליבען צו מאַכען דיא חתונה.

פאַר חופה האָט דער חתן זיך דורכגעשמועסט מיט דער כלה. ער האָט איהר אויסגעזאָגט דעם אמת, ווער און וואָס ער איז, נאָר ער האָט איהר בעשוואָרען, זיא זאָל עס קיינעם ניט ענטדעקען, ווייל ער וויל זיך נאָך אַזוי פערשטעלען ביז א געוויסע צייט. דיא כלה האָט איינגעוויליגט.

לאָזען אז זיין שוואָגער זאָל בלייבען אזא „עם הארץ״, האָט ר׳ אברהם גרשון בשום אופן ניט געקענט, ער האָט דארום געזוכט איהם אויסצובילדען, מיט איהם צו לערנען. אבער זיין מיה איז געווען ארויסגע־וואָרפען. ישראל האָט זיך געהאַלטען ביי זיין אָבמאַך, זיך ניט אויסצוגעבען מיט זיינע קענטניסע און מיט זיינע פעהיגקייטען פאַר קיינעם. ער האָט עס געהאַלטען פאַר אַן ערנידערונג, פאַר א פחיתת הכבוד, צו ווערן בעעהרט פאַר עטליכע בלאַט גמרא וואָס מען קען. זיין כלל איז געווען, אז מען דאַרף אָבשאַצען דעם מענשען מעשים זיינע מדות, זיין כאַראַקטער, און ניט זיינע קענטניסע. עס איז קיין ספק ניט, אז ער האָט זיך געקענט אויסגלייכען מיט דיא דאַמאַלסדיגע רבנים אין למדנות אויך, נאָר ער האָט זיך ניט געוואָלט גרויס האַלטען דערמיט.

איהם איז געוועזן אַ־ין איינס וואָס פאַר אַ מיינונג מען וועט האָבען ווענען זיינע קענטניסע. ער האָט נעקוקט מיט גלייכגילטיקקייט אויף דיעזע מיינונגען. דיזע מדה איז ביי איהם געבליבען לאַנג, זאָגאַר דאַן, ווען ער איז אַרויס פאַר דער וועלט, ווען מען האָט שוין געוואוסט ווער ער איז. „ס׳איז דאַרף זיין אַלץ איינס פאַר דעם מענשען", זאָגט ער אין זיין צוואה, „צו מען ליובט איהם, צו מען טאַדעלט איהם; צו מען האָט איהם ליעב אָדער פיינט, צו מען האָט איהם פאַר אַ גרויסען קענער אָדער פאַר אַ פשוט׳ן „עם הארץ"...

נאָר פאַר ר׳ אברהם גרשון׳ען איז דאָס קיין תירוץ ניט געוועזן. ער האָט געוואָלט אַז זיין שוואָגער זאָל ווערן אַ למדן, און ווען ער האָט געזעהן אַז ער קען מיט איהם גאָר ניט מאַכען, האָט ער געשיקט רופען זיין שוועסטער און האָט איהר פאָרגעלייגט: ענטוועדער זיא זאָל זיך גט׳ן מיט איהר מאַן, דעם „עם הארץ", אָדער זיי זאָלען זיך אַוועקפאָה־רען פון בראָד, וואו זיי ווילען. ער וויל זיי מעהר ניט קענען.

זיא האָט אויסגעקליבען דיא צווייטע בעדינגונג.

ישראל האט אַלזאָ געמוזט נעהמען זיין פרוי און פערלאָזען בראָד. דער האַרטנעקיגער רב, וועמען דער יחוס און דער שטאַ־ץ פון זיין למדנות האט געמאַכט פאַר אַן אכזר, האָט זיך ניט געלאָזט בוינען. ער האָט דיא פאַר פאָלק געקויפט אַ פערד און וואָגען און האט זיי אַרויסגעשיקט פון שטאָדט.

---

## דריטער קאפּיטעל.

## זיין „ענטפלעקונג“ און טהעטיגקייט אלס „בעל שם“.

זיין לעבען אויף דיא בערג. — צוריק אין בראָד. — ווערט אַ שוחט און שפּעטער אַ בעל־הבית פון אַ קרעטשמע. — זיין „ענטפלעקונג“ — זיין טהעטיגקייט אלס „בעל שם“ און זיינע וואונדער.

וואו זיינען זיי אהינגעקומען ? א צייט לאנג זיינען זיי ארומגע־פאָהרען פון איין אָרט צום אנדערן ביז וואנען זיי האָבען זיך בעזעצט אין אַ דאָרף צווישען דיא ־שטעדט קאָטעוו און קאָסעוו. עס ווייזט אויס, אז נאָר זיא, דיא פרוי האָט געוואוינט אין דאָרף. ער פלעגט, וויא געוועהנליך, פערברייינגען דיא צייט אליין, צווישען דיא הויכע בערג, ארום יענעם דאָרף. זיי האָבען געפיהרט אַן אָרעמען, קימערליכען לעבען. דיא איינציגע ־שטיקעל ־שטיצע זייערע איז געווען דאָס פערד און וועגעלע וואָס ר׳ אברהם גרשון האָט זיי געקויפט פאר זייער אָבפאָה־רען פון בראָד. א פּאָר מאָל אין דער וואָך, דערצעהלט מען, פלעגט דיא פרוי קומען מיט׳ן פערד און וואָגען צו איהר מאן אויף דיא בערג. ער פלעגט אָנלאָדען דעם וואָגען מיט ליים און זיא פלעגט עס פיה־רען אין דיא ארומיגע ־שטעטלעך פערקויפען. דערפון האָבען זיי געלעבט.

אָבער לאנג האָט עס ניט אָנגעהאלטען. מען קען ניט וויסען וואָס דאָרט איז געשעהן. אפשר איז דאָס פערדיל, דיא איינציגע שטיצע זייערע, אוועקגעפאלען. עס איז זיי געוואָרען זעהר ביטער און

גוטער גענעראל, אום צו פערשטארקען זיין פאמיליע אויף דעם רוימישען טהראָן, און האָט דארום געזוכט צו ברעכען דעם ווי־דערשטאנד פון דיא אידען מיט גוטע פערשפרעכונגען, אונטער־קויפונגען און אנדערע אזעלכע מיטעל. ער האָט אויך אָנגעהאל־טען א סך שפיאָנען אין ירושלים, וועלכע פלעגען איהם לאָזען וויסען פון אלעס אויף שטיקלעך פאפיר, וועלכע זיי פלעגען שליי־דערן פון פייל־און־בויגענס.

קיין וואונדער דארום, אז טיטוס האָט זיך געוועלט בענוצען מיט דער הילפע פון אזא וויכטיגע פערזאָן וויא יאָזעפוס פלאוויוס; אָבער אין דיזען פאל, מוז מען צוגעבען, האָט יאָזעפוס געהאנדעלט גאנץ אויפריכטיג, ניט אום צו קויפען זיך חן אין דיא אויגען פון דיא רוימער. פאר זיינע דרשות צו דיא בעלאגערטע, וועלכע האָ־בען געקעמפפט מיט א בלינדען פאנאטיזמוס, קען מען איהם ניט בעשולדיגען, דען ער האָט געזאָגט, וואָס ער האָט ווירקליך גע־פיהלט, און האָט מיטלייד געהאט מיט זיינע אונגליקליכע ברידער. ער גיט איבער איינינע פון זיינע צורופען צו דיא בעלאגערטע.

ווען דיא צוויי אויסערע ווענט פון ירושלים זיינען שוין געוועזען דורכגעבראָכען פון דיא רוימער און דיא דריטע און לעצטע וואנט האָט זיך געטרייסעלט אונטער דיא קלעפ פון דיא שטיינער־שליי־דערנדע מאשינען; ווען אלע האָבען אזוי געהונגערט, אז דיא קעמפפערס אויף דיא וואנט האָבען געקייט דיא פעל פון זייערע שילדען און מוטערס האָבען געפרעסען זייערע אייגענע קינדערלעך; ווען טויזענדע טויטע קערפערס האָבען זיך געוואלגערט אין דיא גאסען און דיא לופט איז געוועזען פערפעסטעט — אין דיזער שוי־דערליכער צייט האָט ער געשריען צו דיא פערצווייפעלטע קעמפפערס אויף דער לעצטער וואנט:

„האָט רחמנות אויף זיך זעלבסט און אויף אייער פאָלק, דער־בארעמט זיך אויף אייער הויפטשטאָט און אויף דעם בית המקדש! איהר זעהט דאָך: דיא צוויי שטארקסטע ווענט זיינען שוין צו־שטערט, דיא לעצטע וועט ניט לאנג בלייבען גאנץ. לייגט אוועק

אייער געוועהר, האט רחמנות אויף אייער האלב־צושטערטען פא־טערלאנד! קוקט אייך ארום! זעהט וואס פאר א פראכטפאללע שטאט, וואס פאר א בית המקדש איהר ווילט אויפאפפערן. עס איז נאך צייט חרטה צו האבען, צו רעטען דאס, וואס עס איז דיא הייליגסטע זאך פאר אידען. נאר אויב איהר ווילט צומאכען אייערע אויגען אויף אלעס ארום זיך, דערמאנט זיך אן אייערע עלטערן, פרויען און קינדער, וועלכע וועלען באלד פאלען אונטער דיא שווערדען פון דיא רוימער. איך וויים, אז מיין מוטער, מיין פרוי אין מיין גאנצע פאמיליע זיינען אין לעבענסגעפאהר. אבער מיינט ניט, אז איך בעט אייך אוועקצולייגען דיא געוועהר וועגען זייערטוועגען. ניין! טייטעט זיי, נעהמט אויך מיין אייגענעם לעבען. איך בין בערייט צו שטארבען, ווען איהר וועט נאר קו־מען צום שכל נאך מיין טויט...... און וואס פערלאנגען דען דיא רוימער? זיי פאדערן נאר דיא שטייערן, וועלכע מען האט פריהער געצאהלט. וויא נאר מען וועט זיי דאס נאכגעבען, וועלען זיי אייך ניט ריהרען, און דיא שטאט מיט דעם בית המקדש וועלען בלייבען גאנץ, דיא הייליגע געזעצע וועלען אויך בלייבען אין קראפט"....

דערביי האט ער זיי אויך געזוכט צו ערקלערן, אז דיא מאכט פון אידישען פאלק ליעגט ניט אין שווערד, זאנדערן אין דער תורה, „דיא מאכט פון געוועהר", האט ער געזאגט, „איז קיין מאל ניט געוועזן דיא שטיצע פון אונזער פאלק, דען מלחמה האט אימער גע־בראכט נאך זיך אונטערדריקונג. דיא אמת'ע קראפט פון אידי־שען פאלק ליעגט ניט אין שווערד, זאנדערן אין גלויבען און האפ־נונג אויף גאט".

אבער דיא פאטריאטען אונטער דער פיהרונג פון יוחנן פון גיסכאלא, שמעון בן גוריא און אליעזר בן שמעון זיינען געבליבען טויב צו אלע צורופען ניט נאר פון יאזעפוס פלאוויוס, זאנדערן אויך פון יוחנן בן זכאי און פון אנדערע פיעל געאכטעטע רבנים און חכמים. זיי האבען בעשלאסען צו קעמפפען ביז דעם לעצטען אטהעם פאר דיא בעפרייאונג פון זייער אונגליקליכען פאטערלאנד.

דאָס לעבען אָהן אונאבהענגיגקייט איז פאר זיי געווען ביטערער וויא דער טויט, און זיי האָבען זיך מקריב געווען מיט זעלטענעם העלדענמטוה. דיא, וואָס זיינען ניט אויסגעגאנגען פון הונגער אָדער זיינען ניט געטויטעט געוואָרן פון רוימער, האָבען אליין געמאכט א סוף פון זייער לעבען, אום ניט צו זיין אונטער דעם רוימישען יאָך. א פאנאטישער גלויבען האָט בעזעעלט דיזע פייערדיגע פאטריאָטען. ווען טיטוס האָט זיך דרעוואוסט, אז מען האָט אויפגעהערט צו בריינגען קרבנות אין בית המקדש, ווייל עס איז שוין ניט געווען וואָס צו ברענגען, האָט ער זיך בענוצט דער־מיט נאָך א מאָל אויפצופאָרדערן דיא פאטריאָטען זיך אונטער־צוגעבען; אָבער יוחנן האָט גענטפערט, אז דיא הייליגע שטאָט קען ניט צושטערט ווערן, ווייל גאָט האלט איהר שיקזאל אין זיינע הענד.

אזעלכע מענשען האָבען נאטירליך נאָר געקענט קוקען מיט האס און פעראכטונג אויף יאָזעפוס'ען און אויף אלע דיא יעניגע, וואָס האָבען געזוכט דיא שטיצע פון דיא רוימער.

אין איינע פון זיינע אויפרופען, דערצעהלט יאָזעפוס, האָט ער אויסגעשריען: „קיין מאָל וועל איך זיך ניט אָבזאָגען פון מיין פאָלק; איך וועל ניט פערגעסען אָן מיין פאָטערלאנד, וויא לאנג איך זאָל ניט לעבען אין א פרעמדע לאנד אלס געפאנגענער!“ דיזע שבועה האָט ער עהרליך געהאלטען, וויא זיינע שריפטען צייגען עס.



## זעקסטער קאפיטעל.

יאָזעפוס ביי דיא טריאומף־פּראָצעסיאָנען פון טיטוס. — זיין האס צו דיא קנאים. — זיין האַלטונג צו דיא גרים. — דאָמיציאָן׳ס פערפאָל־גונגען. — יאָזעפוס פערמישט אין דעם פּראָצעס פון דעם גר פלאוויוס קלעמענס. — זיינע ביטערע שונאים און פערפאָלגערס. — זיין שרעק פאַר דאָמיציאַן און זיין טויט.

יאָזעפוס איז אויך געווען אַן עדות פון דעם לעצטען אקט אין דער שרעקליכער טראַגעדיע: דיא טריאומף־פּראָצעסיאָנען פון דיא זיעגערס אין רוים. ער האָט געזעהען, וויא זיינע אונ־גליקליכע געפאנגענע ברידער האָבען זיך געשלעפּט געשמידט אין קייטען הינטער דיא טריאומף־וועגען פון אספאסינוס מיט זיינע זיהן טיטוס און דאָמיציאָן. ער האָט געזעהען, וויא שמעון בן גוריא איז געשלעפּט געוואָרן דורך דיא גאסען פון רוים מיט א שטריק ארום האלז און איז נאכהער ארונטערגעשליידערט גע־וואָרן פון טארפּעער פעלז אלס קרבן צו דיא רוימישע געטער; ער האָט געזעהען, וויא זיין גרעסטער געגנער, דער פעהיגסטער אידי־שער קריעגס־פיהרער יוחנן פון גיסכאלא, האָט קוים כח געהאט צו שלעפּען זיין אויסגעדארטען קערפּער אין דיא קייטען פון דיא זיעגערס; ער האָט געזעהען, וויא דיא בעסטע קעמפּפערס פון זיין פאָלק זיינען אויסגעשלאכט און ערנידעריגט געוואָרן פון דיא פערדאָרבענע מאכטען אין רוים; ער האָט געזעהען, וויא דיא גאנ־צע געצענדיענער־וועלט האָט זיך געפרעהט מיט דעם אונגליק פון אידישען פאָלק און מיט דער צערשטערונג פון בית המקדש; ער האָט געזעהען, וויא מען האָט אויפגעבויט דיא טריאומף־ארקע לכבוד טיטוס, וועלכע שטעהט נאָך ביז יעצט אין רוים.

אזא טריאומף־פּראָצעסיאָן האָבען שוין דיא רוימער לאנג ניט געזעהן. אספּסינוס און זיינע זיהן האָבען געזוכט וואָס מעהר צו צייגען זייער גבורה און צו געבען וואָס מעהר בערגניגען דיא

מאסען, אום זיי צוצוציהען צו דער נייער קייזערליכער הויז. דיא מלחמה אין ארץ ישראל האָט אויך צו פיעל געקאָסט דיא רוימער. דאָס קליינע פאָלק האָט אזוי העלדענמוטהיג און לאנג געקעמפפט, אז דיא עקזיסטענץ פון דער גאנצער אימפעריע איז געווען אין געפאהר. ווען דיא אידען וואָלטען געזיעגט און גע־קראָגען אונאבהענגיגקייט, וואָלטען אנדערע פעלקער געוויס נאָכ־געפאָלגט זייער ביישפיעל, און דיא אימפעריע וואָלט צופאלען גע־וואָרן. דיא הערשער פון רוים האָבען עס גאנץ גוט געפיהלט און דארום האָבען זיי זיך אזוי געפרעהט מיט זייער זיעג איבער דיא אידען. אום צו פייערן דיזען זיעג, האָבען זיי אויך אויסגעשלאָגען נייע מטבעות מיט א צייכנונג פון א טרויערנדע פרוי אונטער א פאלם־בוים און מיט דער אונטערשריפט „געפאנגענע יודעא“.

וואָס האָט יאָזעפוס געפיהלט, ווען ער האָט דאָס אלעס צו־געזעהען? „מיין הארץ איז צובראָכען“, האָט ער געשריעבען, „ווען איך זעה דיא אונגליקען פון מיין פאָלק, דעם אונטערגאנג פון מיין פאטערלאנד און דיא צערשטערונג פון בית המקדש. אלע פערגניגען פון לעבען און אלע אוצרות זיינען מיר ווידערווערטיג“. אָבער אזוי האָט ער וואהרשיינליך נאָר געפיהלט, ווען ער האָט בעטראכט זיין צושטערטע געבורטסשטאָט; אָבער ניט ווען מען האָט געשלעפט דיא געשמידטע געפאנגענע פאטריאָטען אונטער דיא יובעל־געשרייען פון גאנץ רוים; דען מען ווייס, אז ער האָט קאלטבלוטיג געקוקט אויף דיזע אָפּפער און האָט זיך זאָגאר גע־פרעהט מיט דעם טויט פון יוחנן פון גיסכאלא און אנדערע העל־דען. דיא קנאים האָט ער געהאסט און האָט קיין מיטלייד צו זיי בעוויזען, ווען דיא רוימער האָבען זיך מיט זיי שרעקליך גרויזאם אָפּגערעכענט. פאר איינינע געפאנגענע אריסטראָקראַ־טישע אידען און אויך פאר א געוויסע צאָהל פרויען און קינדער האָט ער זיך אָנגענומען און אויסגעפיהרט, אז מען זאָל זיי בע־פרייען. ער וואָלט זעהר פיעל געקענט העלפען זיינע אונגליקליכע ברידער, ווען ער וואָלט ניט מורא געהאט פאר זיין אייגענע הויט. דען אספּסינוס האָט איהם געאכטעט און קייזערליך בעלוינט פאר

זיין פריינדשאפט צו דיא רוימער. ער האָט איהם ניט נאָר געשאָנ־קען גרויסע לאנדגיטער, זאָנדערן אויך א פאלאַז אין רוים און דאָס רעכט פון א רוימישען בירגער. מען האָט איהם אויך ער־לויבט צו טראָגען דעם קייזערליכען פאמיליען־נאָמען „פלאוויוס“, אונטער וועלכען ער האָט זיך אונשטערבליך געמאכט מיט זיינע שריפטען.

אין רוים, וואו ער האָט געענדיגט זיינע יאָהרען, האָט ער זיך ענדליך גענומען צו זיין גלענצענדע פעדער, מיט וועלכער ער האָט זיך אזוי הערליך בענוצט צו פערטהיידיגען זיין פאָלק געגען גרי־כישע און רוימישע פערליימדערס און אָנצושרייבען זיינע בע־ריהמטע געשיכטליכע ווערק. ער האָט זיך פריי געקענט אָבגע־בען צו זיינע היסטאָרישע נאָכפאָרשונגען, דען ער האָט געהאט גענוג מיטעל צו לעבען אין לוקסוס וויא א פרינץ. ער האָט אָבער אויך, רעכענט מען, געזוכט צו בעקעהרען מיטגליעדער פון דער רוימישער אריסטאָקראטיע צום אידישען גלויבען.

עס איז א מערקווירדיגער פאקט, דאָס טראָץ דעם האס פון געצענדיענערס צו אידען פאר זייער רעליגיאָן, טראָץ דיא פער־לוימדונגען פון זייערע שונאים, טראָץ זייער שרעקליכער נידער־לאגע אין צערשטערונג פון בית המקדש, האָבען זיך דאָך געפונען רוימער און גריכען, וועלכע האָבען זיך מגייר געווען. דיא צאָהל פון אזעלכע גרים האָט געמוזט זיין ניט קליין, דען דער קייזער־דאָמיציאן האָט ארויסגעלאָזען זעהר שטרענגע געזעצע געגען זיי. דער רוימישער היסטאָריקער טאציטוס האָט זיך זעהר געוואונדערט, וויא אזוי רוימישע בירגער האָבען זיך געקענט אָבזאָגען פון זייערע פאמיליען און אפילו זיך מל זיין, אום איבערצוגיין צום אידישען גלויבען. יאָזעפוס דערצעהלט, אז פיעלע געצענדינער האָבען פער־עהרט דיא אידישע רעליגיאָן און האָבען געהאלטען פון שבת, חנוכה און פון כשרות. „אויב יעדערער, שרייבט ער, וועט דיינקען וועגען זיין לאנד און פאמיליע, וועט ער געפינען, דאָס מיין בעהויפטונג (אז פיעלע קריסטען האָבען זיך בעקעהרט צום אידישען גלויבען) איז ריכטיג.“

אום צו קריגען וואָס מעהר גרים, האָבען איינינע רבנים ערקלערט, אז עס איז גראדע ניט נויטוועגדיג זיי צו בעשניידען און אז טויפע אָדער טבילה איז גענוגענד. מען רעכענט, אז א טהייל פון דיא פיעלע גרים אין רוים זיינען יוצא געוועז מיט טבילה אָנשטאָט מילה. יאָזעפוס זעלבסט האָט ניט געהאלטען, אז מילה איז נויטוועגדיג פאר א גר. אין דער צייט זיינען שוין אויך געוועז אין רוים מיטגלידער פון דיא ערשטע קריסטליכע סעקטען, נאָר אלע דיעזע סעקטען זיינען בעשטאנען פון אידען און, מיט אויסנאהמע פון דיא אנהענגער פון דעם הייליגען פאול (שאול פון טארסוס), האָבען זיי זיך אויך שטרענג געהאלטען אָן אלע פאָרשריפטען פון דער אידישער רעליגיאָן.

צוליעב איינעם פון דיא רוימישע גרים האָט יאָזעפוס געליטען און פיעלייכט אויך זיין לעבען פערלאָרען. גאנץ רוים איז אויפגע־רודערט געוואָרען, ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אז פלאוויוס קלע־מענס און זיין פרוי פלאוויא דאָמיצילא האָבען זיך בעקעהרט צום יודענטהום. ער איז געוועזען א שוועסטערקינד פון דעם קייזער דאָמי־ציאן, און זיא איז אויך געוועזען א נאָהענטע קרובה פון דעם קייזער. זייערע ביידע זיהן זיינען ערקלערט געוואָרען פאר דיא יורשים פון קייזערליכען טראָהן. אזוי הויך האָט דאן דערגרייכט דיא רעליג־יאָן פון דעם אונטערדריקטען קליינעם פאָלק, וועלכען דיא רוימער האָבען בעזאָנדערס געהאסט. פלאוויוס קלעמענס האָט געהאלטען בסוד זיין בעקעהרונג צום אידישען גלויבען.

וויא אזוי מען איז דערפון דערגאנגען, וויים מען ניט אויף זיכער, נאָר וויא דאָמיציאן האָט עס דערהערט, האָט ער גאָר ניט געאכטעט אויף פערוואנדשאפט און געהייסען איהם פעראורטהיילען צום טויט. דיעזער דאָמיציאן, וועלכער האָט אָנפאנגס נאָכגעפאָלגט זיין ברודער טיטוס און האָט אויך ארויסגעצייגט א פריינדליכקייט צו אידען, איז געוואָרען אזא בלוטיגער טיראן וויא קאליגולא און נעראָן. ער האָט גענומען פערפאָלגען אידען און זעהר שטרענג פאָרדערען דיא ספּעציעלע אידישע טאקסע. נאָר מיט בעזאָנדערע רציחה פלעגט ער פערפאָלגען דיא גרים. ער האָט געהייסען בעשטראָ־

פען אזעלכע מיט'ן טויט נאָך דיא רוימישע געזעצע געגען גאָטלאָזע אָדער שענדער פון דער אָפּיציעלער רעליגיאָן. זייער אייגענטהום האָט מען אויך קאָנפיסצירט.

פלאוויוס קלעמענס איז פּראָצעסירט געוואָרען צוזאמען מיט נאָך גרים און איז פעאורטהיילט געוואָרען צום טויט. זיין פרוי איז פערשיקט געוואָרען אויף דעם אינזעל פאנדאטאריא. דיא פיער פּאָרשטעהער פון סנהדרין אין יבנה: גמליאל, אליעזר, יהושע און עקיבא, וועלכע זיינען געקומען נאָך רוים בעטען גנאדע פאר דיזען וויכטיגען גר און פאר דיא אידען בכלל, האָבען גאָר ניט אויסגע־פיהרט און זיינען געוועזען עדות פון זיין הינריכטונג. דאָמיציאן איז אזוי אויפגעבראכט געוועזען אויף זיין שוועסטער קינד, דאָס ער האָט אויף קיינע גנאדע ביטעס ניט געאכטעט.

יאָזעפוס איז געוועזען פערמישט אין דעם פּראָצעס געגען פלאוו־יוס קלעמענס. מען האָט איהם זאָגאר בעשולדיגט, אז ער האָט עס אראָבגעפיהרט דעם קייזער'ס שוועסטער קינד פון „גלייכען וועג" און בעקעהרט צום יודענטהום. עס איז וואהרשיינליך, אז מען האָט איהם דערפאר פערפאָלגט און אויך אומגעבראכט. אונטער דער הערשאפט פון אזא ווילדען טיראן, וויא דאָמיציאן איז געוואָרען, איז יאָזעפוס'עס לעבען שטענדיג געהאנגען אויף א האָאָר. אָנפאנגס האָט איהם דאָמיציאן בעהאנדעלט אזוי פריינדליך וויא זיין פאָ־טער און ברודער. אויך דיא קייזערינע האָט איהם הויך געשעצט און געשטיצט. אָבער ביסלעכווייז האָט זיך דער טיראן גענומען צו־צוהערען צו יאָזעפוס'עס שונאים, וועלכע האָבען איהם בעשולדיגט אפילו אין א פערשווערונג געגען דעם קייזער'ס לעבען.

דיא אידען האָבען איהם אזוי געהאסט, אז פיעלע פון זיי פלע־גען איהם פערמכר'ן, דאָס ער איז גאָר ניט טריי צו רוים און דאָס ער האָט זעהר פיעל צרות אָנגעמאכט דיא רוימער, ווען ער איז געוועזען דער קריעגס־קאָמאנדיר אין גליל. נאָך ווען טיטוס איז געוועזען קייזער, האָט א געוויסער יונתן, איינער פון דיא לעצטע קעמפּפערס געגען דיא רוימער, אָנגעצייגט אויף יאָזעפוס'ען און אויף אנדערע רייכע אידען פון דער פריעדנס־פּארטיי אלס זיינע מיטהעלפּערס,

הען מען האָט איהם געבראכט אין קייטען נאָך רוים. ער האָט עס געטאָן אוים האס צו יאָזעפוס'ן אלס אן אלגעמיין אנערקענטען פעררעטהער, אָבער טיטוס האָט זיך ענטזאגט צו גלויבען אין אזא בע־שולדיגונג און האָט פערטהיידיגט יאָזעפוס'ן (דעם בעשולדיגער האָט מען פריהער געשמיסען און נאכהער פערברענט לעבעדיגערהייט).

אָבער דאָמיציאן איז ניט געווען געראָטען אין זיין ברודער, וועלכער איז זעהר געליעבט געווען פון רוימישען פאָלק און וועל־כער איז ווירקליך ניט געווען א רשע, וויא דיא אידען שטעלען זיך עס פאָר. ער איז אליין פערדעכטיגער געוואָרען דורך דיא אָפטע קלא־גען און בעשולדיגונגען אויף יאָזעפוס'ן. ווען יוסטוס פון טבריה האָט אָנגעשריעבען א געשיכטע פון דעם אויפשטאנד אין ארץ ישראל און האָט דירעקט בעשולדיגט יאָזעפוס'ן אין פעררעטה גע־גען רוים (דיעזער יוסטוס איז אויך געווען א זעהר זינדיגער מענש), האָט זיך יאָזעפוס אזוי דערשראָקען פאר זיין לעבען, אז ער האָט אָנגעשריעבען זיין „אָטאָביאָגראפיע,“ אין וועלכער ער האָט זיך אליין ארויסגעשטעלט אלס פאלשער מענש און פעררעטהער געגען אידען. ווען ער האָט איהר געשריעבען, האָט ער הפנים נאָר אין זינען געהאט זיך ריין צו וואשען אין דיא אויגען פון דעם טיראן דאָמיציאן.

נאָר דיא געשיכטע מיט פלאוויוס קלעמענס האָט געווים אויפ־געבראכט דעם טיראן אויף יאָזעפוס'ן. מען ווייס ניט, אויב יאָזע פוס איז געשטאָרבען מיט א נאטירליכען טויט אָדער אויף דאָמיצ־יאנ'ס בעפעהל. דאָס איז געשעהן אין 85 יאהר, ווען ער איז אלט געווען 58 יאָהר. דער האס פון דיא אידען און בעזאָנדערס פון דיא קנאים צו איהם איז געווען אזוי טיעף איינגעוואָרצעלט, אז קיינער האָט ניט בעדויערט זיין טויט, אָבוואָהל מען האָט אנערקענט, אז מיט זיינע שריפטען האָט ער נאָר געבראכט עהרע און נוצען זיין פאָלק.

עס קען זיין, אז דיזער פערשריענער פעררעטהער, וועלכער איז יעדענפאלס שולדיג אין פיעלע פאלשקייטען און געמיינהייטען און האָט א סך צרות געבראכט זיין פאָלק, וויא מיר האָבען עס געזעהען, איז גאָר געשטאָרבען וויא א מארטירער פאר דעם אידישען גלויבען.

# זיעבטער קאַפּיטעל.

יאָזעפוס נעהמט זיך צו זיין פעדער צו פערטהיידיגען זיינע פערלוימד־דעטע ברידער. — זיין געשיכטע פון דער אידיש־רוימישער מלחמה אונטער אַ קייזערליכער צענזור. — זיין געשיכטע פון אידען. — זיין בוך געגען אַפּיאָן און אנדערע שונאים פון אידען.

אין א גאנץ אנדערען שיין שטעהט יאָזעפוס, ווען מען לעזט זיינע שריפטען, וועלכע זיינען גליקליכערווייזע ניט פערלאָרען געגאנגען. דאָרט צייגט ער זיך ארוים פאר א הייסען פריינד פון זיין פאָלק און פאר א גלויביגען איד. ער פערטהיידיגט דיא אידען און זייער רעליגיאָן מיט היץ, מוטה און טאלענט.

דיא אידיש־רוימישע מלחמה האָט אָנגעמאכט א גרויסען גערודער אין דער גאנצער אימפעריע און אויך אין דיא עטליכע לענדער, וועלכע זיינען נאָך געבליעבען אונאבהענגינג. אלע האָבען זיך אינטערעסירט מיט איינצעלהייטען וועגען דיעזען מערקווירדיגען קאמפף, און פיעלע שרייבערס האָבען זיך א נעהם געטאָן צו פערפאסען געשיכטען פון דער מלחמה. אָבער אזוי וויא זיי זיינען מייסטענס געווען פיינדליך צו דיא אידען און האָבען זיך אויך געוואָלט אונטער׳חנפ׳נען צו דיא רוימישע גענעראלען, וועלכע זיינען געוואָרען קייזער׳ס האָבען זיי פערלוימדעט און בעשמוצט דיא בעזיגטע. דער העלדישער ווידערשטאנד פון דיא אידען איז פאַרגעשטעלט געוואָרען אין א פאלשען ליכט, מען האָט זאָגאר בעשולדיגט דיא אידישע קעמפפער אין פייגהייט. אום צו פערטהיידיגען זיינע ברידער געגען זייערע פערלוימדערס און אויך צו שרייבען א ריכטיגע געשיכטע פון אידישען פאָלק, האָט יאָזעפוס גענומען זאמלען פאקטען און שריפטען און האָט אָנגעשריעבען דיא געשיכטע פון דער אידיש־רוימישער מלחמה צוערשט אין כאלדעאיש און נאכהער אין גריכיש (ארום דעם 79 יאָהר).

ליידער איז זיין געשיכטע אין כאלדעאיש פערלאָרען געגאנגען.

דאַרטען האָט ער זיך זיכער געקענט ערלויבען מעהר פרייהייט, וויא אין דער גריכישער שריפט, וועלכע ער האָט געמוזט צייגען טיטוס׳ן און בעטען ערלויבניס איהר צו פערעפענטליכען. וואהרשיינליך וואָלט זיך פון זיינע אידישע שריפטען ארויסגעוויעזען, אז ער איז געוועזען א בעסערער מענש, וויא ער האָט זיך אליין אָבגעמאָלען אין זיינע גריכישע שריפטען.

אויך האָט ער זיך געוואָלט פערטהיידיגען געגען דיא בעשול־דיגונגען פון יוסטוס פון טבריה, וויא מיר וויסען עס שוין. זיין נעשיכטע אונטער דעם נאָמען „דיא אידישע מלחמה" איז א גרויסע ווערק פון 7 ביכער. ער בעשרייבט אין א גלענצענדער גריכישער שפראך, מיט פיעל טאלענט און אויך מייסטענס מיט ריכטיגע פאר־בען און היסטאָרישע וואהרהייט דיא גאנצע מלחמה זייט דעם אָנ־פאנג פון דעם אויפשטאנד און גיט א גרינדליכע ערקלערונג פון איהרע אורזאכען. דערביי האָט ער אויך איבערגעגעבען דיא אור־זאכען, וועלכע האָבען געפיהרט צו דעם אויפשטאנד פון דיא אידען געגען דיא גריכען אונטער דער פיהרונג פון דיא חשמונאים. דיא פאקטען האָט ער איבערגעגעבען ריכטיג, נאָר ער האָט זיי אָפט פאלש בעלויכטען, בעזאָנדערס אין דיא פעלע, וואו ער איז זעלבסט פערמישט געוועזען. טראָץ זיין האס צו דיא קנאים און איבערהויפט צו דעם ראדיקאלסטען טהייל פון דער קריעגס־פארטיי, האָט ער דאָך זעהר עהרליך פאָרגעשטעלט זייער העלדענמוטה און זעלבסט־אויפאָפפערונג. וויא ער האָט ניט געהאסט זיין הויפטגעגנער יוחנן פון גיסכאלא, האָט ער דאָך אזוי איבערגעגעבען דיא פאסירונגען ביי דער בעלאגערונג און פערטהיידיגונג פון ירושלים, אז ניט ווילענ־דיג מוז מען בעוואונדערען דיא ענערגיע און דיא פעהיגקייט פון דיעזען פיזיש־שוואכען אָבער מאָראליש גרויסען מאן. ווען ניט יאָזעפוס, וואָלט מען גאנץ ווייניג געוואוסט וועגען אזעלכע מערק־ווירדיגע אידישע העלדען, וויא דיעזער יוחנן פון גיסכאלא און שמעון בר גוריא, וועלכע וואָלטען איהם גלייך הינגעריכטעט, ווען ער וואָלט נאָר אריינגעפאלען אין זייערע הענד. ער האָט זיי אונשטערבליך געמאכט.

נאָר יעדעס מאָל, ווען ער בעשרייבט א העלדענטהאט פון זיינע פאָליטישע געגנער, בעזאָנדערס פון דיא קנאים, זעצט ער צו, אז זיי זיינען געווען ניעדעריגע מענשען, זאָגאר איינפאכע רויבער. ער ווארפט זיי אויף, אז זיי האָבען פעראונגליקט דאָס אידישע פאָלק. זיך זעלבסט שאנעוועט ער אויך גאָר ניט. ווען ער דערצעהלט נאָר ווענען זיין אנטהייל אין דעם קאמפף, זוכט ער צו פערקלענערען דיא וויכטיגקייט דערפון און צו צייגען, אז ער איז ארויסגעטראָטען נעגען רוים ניט אויס סימפאטיע צו דער מלחמה, זאָנדערן אויס פורכט פאר דיא קריעגס־פארטיי.

מען דארף אבער נור פערשטעהן צו לעזען צווישען דיא שורות, אום צו זעהען, אז דאָס זיינען אלץ דריילעך, אום זיינע פיינד זאָלען איהם ניט קענען בעשולדיגען אין צו גרויסע פריינדשאפט צו אי־דען און אין פיינדשאפט צו דיא רוימער. מען דארף ניט פערגעסען, אז זיין געשיכטע האָט בעדארפט דורכגעהן דיא צענזור פון אספסינוס און טיטוס. אָהן זייער ערלויבנים וואָלט זיין בוך קיינמאָל ניט געזעהען דיא ווייסע וועלט, און זייער ערלויבנים האָט עס נאָר געקענט קריעגען דורך אזא בעלייכטונג פון פאקטען, וואָס זאָל זיי געפעלען ווערען און שמייכלען זייער איינענליעבע.

זיין טרויער ווענען דיא צערשטערונג פון ירושלים האָט ער דאָך קיין מורא ניט געהאט אויסצודריקען מיט דיא טיעפסטע געפיהלען. „דערמאָנענדיג זיך אָן דיא לעצטע פאסירונגען אין מיין פאטער־לאנד, שרייבט ער אין דער הקדמה, און אויסדריקענדיג דיא טרויער־געפיהלען, וואָס דיא אונגליקען פון מיין פאטערלאנד רופען ארויס אין מיר, בעפרידיג איך דערמיט א בעדירפנים פון מיין צו־וויטאגטער נשמה". אין א'ן אנדער אָרט בעמערקט ער: „קיינע פון דיא שטעדט אונטער דער הערשאפט פון רוים האָט ניט דער־גרייכט צו אזא הויכע שטופע פון הצלחה וויא ירושלים; אבער קיינע פון זיי איז ניט געפאלען אזוי טיעף אין דעם אבגרונד פון אונגליק, וויא אונזער הויפט־שטאדט. קיין אונגליק זייט דעם אָנפאנג פון דער וועלט קען זיך ניט פערגלייכען מיט דעם, וואס האָט געטראָפען דיא אידען".

אין איינינע קאפיטלעך שילדערט ער אויך מיט א קינסטלערי־שע האנד דיא אָרגאניזאציאָן פון דיא רוימישע לעגיאָנען, זייער כאראקטער און לעבען, וויא זיי געהען אין שלאכט, פיהרען מלחמה, לעבען אין לאגער, און ווארום זיי האָבען בעזיעגט דיא גאנצע וועלט.

ווען ער איז פערטיג געוואָרען מיט דיזער געשיכטע, האָט ער זיך פלייסיג גענומען צו זיין הויפט־ווערק, וועגען וועלכען ער האָט שוין לאנג געטראכט; דאָס איז זיין געשיכטע פון אידישען פאָלק, דיא „אידישע אלטערטהימער“. דאָ איז ער א׳ן אמת׳ער און עהר־ליכער היסטאָריקער. דאָ האָט ער שוין קיין אינטערעס ניט גע־האט צו פאלשעווען, צו שרייבען אונטער א מאסקע, און ער האָט איבערגעגעבען דיא געשיכטע פון זיין פאָלק נאָך דיא אידישע און ניט־אידישע קוועלען, וועלכע ער האָט צוזאמענגעקליבען און קרי־טיש נאכגעפאָרשט.

דיזע געשיכטע בעשטעהט פון 20 ביכער און גיט א׳ן ערקלעה־רונג איבער דיא דונקעלסטע צייטען. אין אָנפאנג האָט ער זיך נאטירליך בענוצט מיט דיא הייליגע שריפטען (קיינע אנדערע קוועלען האָט מען דאן ניט געהאט); אבער וואָס נעהנטער צו זיין צייט האָט ער געברויכט וועלטליכע היסטאָרישע ווערק און אויך איבערגעגעבען דיא טראדיציאָנען פון אידישען פאָלק. בעזאָנדערס וויכטיג איז זיין געשיכטע וועגען דיא צייטען פון צווייטען בית המקדש און וועגען דיא חשמונאים, ווייל אויסער דיא לעגענדארישע מעשיות מיט נסים אין דיא תלמודישע שריפטען האָט מען וועגען דעם זעהר ווייניג אנדערע היסטאָרישע קוועלען. מיר וואָלטען יעצט, צום ביישפיעל, גאנץ ווייניג געוואוסט וועגען דיא ריכטיגע געשיכטע פון חנוכה, ווען יאָזעפוס׳עס ווערק וואָלט פערלאָרען געגאנגען.

מיט דיזער געשיכטע האָט ער ניט נאָר זיך אונשטערבליך גע־מאכט, זאָנדערן אויך געשאפען א הויכען מאָנומענט פיר זיין פאָלק. דורך זיין געשיכטע, וועלכע איז מעהר געלעזען געוואָרען פון קריס־טען וויא פון אידען, האָט ער בעקאנט געמאכט דיא ניט־אידישע

וועלט מיט דער אידישער. זיא איז איבערזעצט געוואָרען אין אלע שפּראכען, וויא אויך זיין „אידישע מלחמה“.

זעהר אינטערעסאנט איז אויך, אז דיא פאטערס פון דער קריסטליכער קירכע האָבען אין איהר געזוכט עפּעס א בעווייז וועגען דיא עקזיסטענץ און דיא וואונדער פון יעזוס קריסטוס, וויא זיי זיינען בעשריעבען אין עוואנגעליום. ער האָט אבער אין ערגעץ אפילו ניט דערמאָנט וועגען דעם קריסטליכען משיח. אזוי ווי ער האָט געלעבט אין אָנפאנג פון קריסטענטהום און וואָלט נאטיר־ליך געמוזט הערען וועגען דעם פּראָצעס און דיא קרייציגונג פון יעזוס, האָט מען זיך שטארק געוואונדערט, וואָרום ער האָט עס פערשוויגען אין גאנצען. אייניגע האָבען אויף דעם גרונד ער־קלערט, אז דיא געשיכטע מיט יעזוס׳ען איז גאָר ניט א היסטאָ־רישע, עפּעס א ווידערהאָלונג פון לעגענדען וועגען בודאה, אנ־דערע האָבען איינפאך געפעלשט יאָזעפוס׳עס שריפטען אין אייניגע ערטער, אז מען זאָל מיינען, דאָס ער האָט געוואוסט פון דעם קריסטליכען משיח.

וועגען דיא עסעער (אסיים), צווישען וועלכע עס זיינען אויפ־געקומען דיא ערשטע קריסטען, האָט ער גראדע זעהר פיעל גע־שריעבען, וויא מיר וועלען עס שוין.

ווען ער האָט געענדיגט זיין גרויסע געשיכטליכע ווערק, האָט ער זיך געמוזט נעהמען צו דער פעדער צו פערטהיידיגען זיך געגען זיינע שונאים, וועלכע האָבען געזוכט אויפצוהעצען אויף איהם דעם טיראן דאָמיציאן. דאן האָט ער עס אָנגעשריעבען זיין „אָטאָביאָ־גראפיע“, פון וועלכער עס איז געדעט געוועזן אין דיא פאָריגע קאַ־פּיטלאך.

אלס פערטהיידיגער פון אידען האָט ער זיך בעזאָנדערס ארויסגעוויזען אין זיינע צוויי ביכער געגען דעם גריכיש־עגיפּטי־שען יודענפרעסער אפּיאָן, מיט וועלכען פילאָ, דער אלעקסאנדרינער, איינער פון דיא גרעסטע, טיעפסטע דענקער און נאָבעלסטע מענשען פון זיין צייט, האָט אויך געהאט צו פיהרען א קאמפּף.

דיזער אפּיאָן האָט זיך ניט בעגנוגענט בלויז מיט שריפטען, אין

וועלכע ער האָט געשענדעט דיא אידען, ער האָט אויך געהעצט צו בעפאלען דעם אידישען קווארטאל אין אלעקסאנדריא און איז איסגעקליבען געוואָרן פון דיא גריכען אלס דעפוטאט צום קייזער קאליגלא, דאָס מען זאָל אוועקנעהמען ביי אידען דיא בירגער־רעכטע, וועלכע יוליוס צעזאר און זיינע נאָכפאָלגער האָבען זיי בעוויליגט.

יאָזעפוס איז ארויסגעטראָטען ניט נאָר געגען אפיאָן, זאָנדערן געגען פיינדע און פערלוימדערס פון אידען. ער ערקלערט דיא אי־דישע רעליגיאָן, דיא אידישע מאָראל, דיא אידישע פיהרונגען, דיא אידישע געזעצע, און צייגט אָן, אז זיי שטעהען העכער וויא אפילו דיא גריכישע. ער בעווייזט אויך, אז דיא אידישע נאציאָן איז א זעהר אלטע און אז משה׳ס געזעצע שטימען מיט דער העכ־סטער מאָראל. ער לייקענט אלע בעשולדיגונגען פון דיא אידישע נעגנער און ווייזט וויא פאלש זיי זיינען.

אין דיזען בוך ערקלערט ער עס מיט פריידע, אז פיעלע גריכען און רוימער אנערקענען דיא אידישע רעליגיאָן, פערעהרען דעם אידישען גאָט און דיא פאָרשריפטען פון דער תורה און ווערן גרים. איינינע שטעללען פון דיזען בוך, וועלכען מען קען אויף אונזער יעצטיגער שפראך אָנרופען: „אָן אנטוואָרט צו אנטיסעמיטען“, צייגען קלאָר, אז ער האָט אויך געהאט אין אויג צו בעקעהרען גע־צענדיענערס צום יודענטהום.

יעדענפאלס האָט ער מיט דיזע פאָלעמישע ווערק פערדיענט דעם דאנק פון אלע אידען. מען מעג איהם דערפאר מוחל זיין פיעלע פון זיינע זינד אין דער צייט פון דער אונגליקליכער מלחמה. פאר דיא פערפאָלגטע און נידערשלאָגענע אידען אין דער רוימישער אימ־פעריע איז עס זעהר וויכטיג געוועז, אז דיא געצענדיענערס און בע־זאָנדערס דיא גריכען, וועלכע זיינען נאָך געבליבען דיא גייסטיגע פיהרערס, זאָלען זיך בעקענען מיט דער אידישער רעליגיאָן און מיט דער אידישער געשיכטע. מען האָט פארשפרייט וועגען זיי אזעלכע אונזיננינע, אָבער זעהר שעדליכע געשיכטען, דאָס זיי פארעהרען אן עזעל אין בית המקדש (דיזע פערלוימדונג שטאמט פון אנטיוכוס

עפיפאנעס, וועלכער איז בעקאנט צווישען דיא אידען אונטער דעם נאָמען אנטיוכוס הרשע און וועלכער האָט ארויסגערופען דעם אויפשטאנד פון דיא חשמונאים).

דער בוך געגען אפיאָן איז געוועזן יאָזעפוס'עס לעצטע ליטעראַרישע ווערק (ערשינען ארום דעם 94טען יאהר). ער האָט דאן פערשפּראָכען אָנצושרייבען א פילאָזאָפישע בעטראכטונג איבער דיא אידישע געזעצע און דיא שעפפונג פון דער וועלט, אָבער ער האָט עס ניט געקענט אויספיהרען, ווייל דער טיראן דאָמיציאן האָט וואהרשיינליך געמאכט א סוף פון זיין פיעל געפּרופטען לעבען, וועלכער איז ניט איין מאָל געהאנגען אויף א האָאר.

**ע נ ד ע**



# בּר־כוכבא

דער העלדישער קריעגספיהרער און
קעניג פון אידען אין זייער לעטצטען
גרויסען אויפשטאַנד געגען רוים.



פון פיליפּ קראַנץ.

# בר־כוכבא

## איינלייטונג.

### געשיכטע און תלמוד.

נאָך דער צערשטערונג פון מלכות יהודה, נאָך דעם שרעקליכען חורבן ירושלים, האָט זיך דער פייערדיגער און בלוטיגער קאמפף פון אידען געגען דיא רוימישע אונטערדריקער ניט געענדיגט. מען קען זאָגען, אז דיזער נאציאָנאל־רעליגיעזער קאמפף, וועלכער האָט קיין גלייכען צו זיך אין דער וועלט־געשיכטע, האָט זיך געצויגען אונגעפעהר הונדערט יאָהר נאָך הורבן ירושלים, דען אויך אין דער צייט, ווען אנטאָניוס פיוס איז געווען קייזער פון רוים, האָט אין ארץ ישראל אויסגעבראָכען א נייער אויפשטאנד. דאָס איז געווען ארום 165—161, ווען דיא פארטהען אָדער פערסען, וועלכע זיינען אייגענטליך קיין מאָל ניט אין גאנצען בעהערשט געווען פון דיא רוימער, האָבען זיך ארייגגעריסען אין סיריען און האָבען בעזיעגט דיא ארמעע פון דעם רוימישען גובערנאטאָר קאָרנעליאנוס.

ירושלים איז געלעגען אין שטויב. אויף דעם אָרט פון א גרויסער און רייכער שטאָט זיינען געלעגען הורבות צוזאמענגעמישט מיט דיא ביינער פון העלדישע קעמפפערס. מען האָט דאָרט אויפגעבויט א געצענדיענערשע שטאָט אונטער דעם נאָמען עליא קאָפיטאָלינא. דאָרט וואו דער בית המקדש איז געשטאנען האָט מען אוועקגעשטעלט א הערליכען טעמפעל לכבוד יופיטער. אָבער דאָס האָט ניט געבראָכען דעם נאציאָנאל־רעליגיעזען גייסט פון אידישען פאָלק.

לײדער אָבער האָבען מיר זעהר ווייניג ריכטיגע היסטאָרישע

קוועלען וועגען דיזע שרעקליכע און העכסט אינטערעסאנטע פעריאָדע. אין דיא הונדערט יאָהר נאָך דעם חורבן, ווען אידען זיינען צייטענווייז פערפאָלגט געוואָרען אין ארץ ישראל פיליכט נאָך גרויזאמער וויא דיא שפאנישע אידען אין דיא צייטען פון דער אינקוויזיציאָן, האָט זיך ניט געפונען איינער, וואָס זאָל אלעס פער־צייכנען און בעשרייבען פאר דיא צוקינפטיגע דורות, וויא יאָזעפוס פלאוויוס האָט עס געטאָן ביז זיין צייט. עס איז מעגליך, אז אידען האָבען עפּעס אָנגעשריעבען אין לשון קודש וועגען דיא אויפשטאנ־דען פון זייערע ברידער און דיא שריפטען זיינען פערלאָרען גע־גאנגען; נאָר ווען זיי וואָלטען געברויכט דיא גריכישע שפּראך, וואָלט געוויס עפּעס פערבליבען דערפון. דיא היסטאָרישע ווערק פון יאָזעפוס פלאוויוס זיינען דאָך ניט פערלאָרען געגאנגען.

אין תלמוד געפינט מען נאָר, און דאָס אויך צו־וואָרפען, איינציגע זייטיגע איינצעלהייטען און לעגענדארישע געשיכטען. פיעלע תנאים זיינען געווען פערמישט אין דעם קאמפּף געגען דיא רוימער, אָבער קיינער פון זיי האָט זיך ניט אָפּגעגעבען צו א גרינדליכע און ווירקליך היסטאָרישע בעשרייבונג אפילו פון דיא וויכטיגסטע פּאַ־סירונגען, וועלכע זיינען פערצייכענט געוואָרן מיט בלוט אונטער זייערע אויגען. זיי האָבען זיך אינטערעסירט פיעל מעהר מיט זיי־ערע רעליגיעזע פּלפּולים, מיט חקירות וועגען קליינליכע און אָפט גאנץ לעכערליכע זאכען, וועגען אן אויסגעבלאָזענע איי, וויא מיט דיא וויכטיגסטע וועלטליכע פאסירונגען, אפילו אזעלכע, פון וועל־כע דיא צוקונפט פון זייער פאָלק און זייער גאנצע תורה איז גע־ווען אָפּהענגיג. פארביי־געהענדיג ווערען אין תלמוד איבערגעגע־בען מעשה׳לעך וועגען אידישע העלדען און קעמפּפערס, אָבער גע־וועהנליך צוזאמענגעפלאָכטען מיט נסים און סתם פאנטאזיעס. פון כראָנאָלאָגיע האָבען דיא תנאים איבערהויפּט ניט געהאלטען. דיא צייט, ווען א געוויסע פאסירונג האָט געטראָפען, האָט זיי גאנץ ווייניג אינטערעסירט. אויך האָבען זיי ווייניג וואָס זיך גע־קימערט וועגען דיא אורזאכען פון יעדען בעזונדערן אויפשטאנד, אויסער נאטירליך דיא רעליגיעזע זייט פון דעם גאנצען קאמפּף.

קורץ, פון תלמוד קען מען אזוי פיעל וויסען וועגען אידישע געשיכטע, וויא פון פאָלקס־לעגענדען. נאָר אין פערבינדונג מיט אנדערע קוועלען קען מען זיך בענוצען מיט דיא תלמוד׳ישע מעשה׳לעך און בעמערקונגען ביי אן ערנסטע היסטאָרישע נאָכפאָר־שונג. אָבער אזוי וויא אויך דיא איבערגעבליבענע גריכישע און רוימישע היסטאָרישע שריפטען ענטהאלטען גאנץ ווייניג וועגען אידען, זאָ בלייבען פיעלע פונקטען זעהר דונקעל.

אפילו וועגען בר־כוכבא געפינען מיר אין תלמוד מייסטענס וואונדערליכע געשיכטען. אָהן רוימישע בעריכטען וואָלט מען זאָגאר ניט געוואוסט, ווען ער האָט אָנגעפאנגען דעם אויפשטאנד און ווען ביתר איז צושטערט געוואָרן. נאָך אלע גרינדליכע היסטאָרישע נאָכ־פאָרשונגען פון אונזער צייט בלייבט זיין פערזאָן א לעגענדארישע, וויא מיר וועלען עס זעהען.

נאָר איידער מיר וועלען איבערגעבען אלעס, וואָס מען קען יעצט וויסען וועגען דיזען זאָנדערבארען אידישען העלד, וועלען מיר אין קורצען שילדערן דיא געשיכטע פון דעם קאמפף נאָך חורבן ירושלים ביז זיין צייט, וויא אויך דעם דאמאָלסדיגען צושטאנד פון אידישען פאָלק.



# ערשטער קאַפּיטעל.

## דער אלגעמיינער אויפשטאנד פון אידען אין דער רוימישער אימפעריע.

נאָך דאָמיציאן׳ס טויט אין 96טען יאָהר איז אויפ׳ן רוימישען טהראָן ארויף נערווא, וועלכער האָט בלויז געהערשט 16 מאָנאט זיין טויט איז בעדויערט געוואָרען פון אידען און קריסטען, וועלכע ער האָט צורוה געלאָזען. ער איז געווען גראדע דער היפוך פון דעם קאפריזנעם טיראן דאָמיציאן, טיטוס׳עס ברודער, וועלכער האָט גרויזאם פערפאָלגט אידען, אידישע קריסטען און בעזאָנדערס גרים(*). ער האָט ערלויבט יעדען איינעם אָנצונעהמען דעם אידישען גלויבען און האָט אויך פערקלענערט דיא ספּעציעלע טאקסע אויף אידען. צום אנדענקען פון דיזער טאָלעראנץ האָט מען ארויסגעלאָזען א ספּעציעלע מטבע, אויף איין זייט פון וועלכער עס איז פאָרגעשטעלט געוואָרן דער קייזער נערווא און אויף דער אנדער זייט א פאלם־בוים (דאָס איז איבערהויפּט דער צייכען פון ארץ־ישראל) מיט דער אויפשריפט: „אלע קלאגען וועגען דיא אידישע טאקסע זיינען צו ענדע״.

אָבער באלד נאָך נערווא׳ס טויט האָט זיך אָנגעפאנגען, קען מען זאָגען, אן אלגעמיינער אויפשטאנד געגען דיא רוימישע אימפעריע. נערווא׳ס נאָכפאָלגער איז געווען דער גענעראל טראיאנוס, וועלכער האָט געוואָלט נאָך ווייטער פערשפּרייטען דיא הערשאפט פון רוים איבער אזיען. ער האָט געטרוימט צו דערגרייכען ביז אינדיען, אזוי

---

(*)זעה דיא לעבענסבעשרייבונג פון יאָזעפוס פלאוויוס (יוסף בן מתתיהו), ארויסגעגעבען פון דער אינטערנאציאָנאלער לייברערי פּוב־ **לישינג קאָמפּ.**

וויא אלכסנדר מוקדון. ער האָט דארום אָנגעפאנגען א נייע מלחמה מיט דיא פארטהען (פערסען). אין דער צייט האָבען אין דיא לענדער צווישען דיא טייכען עפראטוס (פרת) און טיגריס געלעבט א כך גריכען און אידען. נאָך חורבן ירושלים זיינען פיעלע אידען געקומען אהין און האָבען זיך בעזאָנדערס בעזעצט אין בבל און אין דער געגענד אדיאבענע לעבען דעם טייך טיגריס (פריהער איז דאָרטען געוועזען דיא אסירישע מלוכה), וואו דיא הערשענדע פאמיליע האָט זיך א מאָל בעקעהרט צום יודענטהום. דיא אלטע פערסישע מלוכה איז געוועזען צוטהיילט, צוברעקעלט און האָט ניט געקענט אויסהאלטען דיא אטאקע פון דיא רוימישע לעגיאָנען אונטער דער קאָמאנדע פון טראיאנוס. אָבער דיא דאָרטיגע אידען האָבען ניט געוועלט צולאָזען, אז דיא רוימער, דיא צערשטערער פון בית המקדש, זאָלען וויעדער ווערן זייערע הערשער. זיי האָבען זיך דארום בעוואפענט וויא פאר א הייליגע מלחמה און בעשלאָסען צו קעמפפען אזוי וויא זייערע ברידער אין ירושלים געגען טיטוס'עס לעגיאָנען.

נאָר אזוי וויא דיא אידען זיינען געוועזען צוזאוואָרפען אין פערשיעדענע ערטער און האָבען זיך אויך ניט פערבונדען וויא געהעריג, זיינען זיי בעזיגט געוואָרן. דיא שטאָט ניזבים, וואו עס האָבען זיך געפונען א כך אידען, האָט זיך בעזאָנדערס מוטהיג פערטהיידיגט. טראיאנוס האָט איהר געקענט איינגעהמען ערשט נאָך א לאנגע בעלאגערונג. דער קעניג פון אדיאבענע האָט זיך זעהר בראוו געוועהרט געגען דעם איבערפאל פון דיא רוימער, אָבער ער האָט זיך שליסליך אונטערגעגעבען. דערמיט איז אָבער דיא מלחמה נאָך וויט ניט געוועזען צו ענדע. דיא רוימער האָבען ניט איין מאָל בעזיעגט דיא פארטהען, אָבער דיא לעצטע פלעגען זיך אין א קורצער צייט אויפהויבען און פערטריבען דיא זיעגערס.

נאָך זיינע ערשטע זיעגען האָט טראיאנוס, וועלכער איז שוין געוועזען אן אלטער מאן (ער איז אלט געוועזען 60 יאָהר, ווען ער איז געוואָרען קייזער), זיך אָבגערוהט אין אנטיאָכיא אין ווינטער פון 115; אָבער וויא עס איז געקומען פריהלינג, האָט ער זיך וויעדער

א לאַז געטאַן, אום צוצוקומען צו אינדיען און אויפ'ן וועג זיך אָפּ־צורעכענען מיט דיא אידען, וועלכע האָבען בעזאָנדערס געקעמפּפט געגען איהם און וועלכע האָבען גענומען א גרויסען אנטהייל אין דעם אויפשטאנד פון דיא פּארטהען.

אין דער צייט זיינען דיא אידען ארויסגעטראָטען געגען רוים כמעט אין אלע ערטער, וואו זיי האָבען זיך נור געפונען. זייער אויפ־שטאנד האָט זיך פערשפּרייטעט איבער אזיען און אפריקא, פון בבל ביז מצרים און ליביא (אזוי האָט מען דאן גערופען גאנץ נאָרד־אפריקא פון מצרים ביז דעם אטלאנטישען אָקעאן). וויא אזוי דיעזער אויפשטאנד האָט זיך אזוי שנעל און ווייט פערשפּריי־טעט און ווער עס האָט איהם אָרגאניזירט, ווייס מען ניט, נאָר ער איז געוועזען א שרעקליך בלוטיגער.

דער צענטר פון דיזען אויפשטאנד איז געוועזען ארץ ישראל, וואו עס זיינען אויפגעוואקסען נייע קרעפטע אין דיא 45 יאָהר נאָך חורבן ירושלים. דיא אָנפיהרערס, רעכענט מען, זיינען געוועזען צוויי אלעקסאנדרינער אידען מיט דיא נעמען פאפוס און יוליאנוס. זיי זיינען געוועזען זעהר רייך און האָבען געהאט א גרויסען איינפלוס אויף זייערע ברידער.

דיא אידען אין מצרים, וועלכע זיינען געוועזען טריי צו דיא רוי־מער אפילו אין דער צייט פון חורבן ירושלים, אום צו האָבען א שטיצע אין זיי געגען דיא גריכען, האָבען זיך דיזעס מאָל פער־בונדען מיט זייערע ברידער אין ארץ ישראל און אין אנדערע ער־טער. זיי האָבען זיך הפנים אנפאנגס גוט אָרגאניזירט, דען זיי האָבען ניט נאָר אטאקירט עטליכע שטעט, וואו זיי האָבען אויסגע־שלאכטעט דיא רוימער און דיא גריכען, זאָנדערן זיינען אויך בע־פאלען דיא רוימישע ארמעע אונטער דער קאָמאנדע פון דעם גע־נעראל לופוס. דיזער אויפשטאנד איז שנעל אומגעוואנדעלט גע־וואָרען אין א שוידערליכען ראסען־קאמפף. דיא רוימער האָבען זיך פערבונדען מיט דיא גריכען און אלע געצענדיענערשע פלקער געגען דיא אידען, און ביידע זייטען האָבען פערגאָסען טייכען בלוט.

ווען דיא ארמעע, וועלכע דיא אידען האָבען צוזאמענגעקליבען,

האַט בעזיעגט לופּוס'עס לעגיאָנען, האָבען דיא גריכען און רוימער צוזאמענגעקליבען זייערע קרעפטע און זיינען בעפאלען דעם אידישען קוואַרטאל אין אלעקסאנדריא, וואו זיי האָבען בעגאנגען דיא גרעסטע גרויזאמקייטען. דיא אידישע סאָלדאטען האָבען זיי געצאָהלט מיט דער זעלבער מטבע. זיי זיינען בעפאלען אנדערע שטעט, וואו זיי האָבען אָהן ערבארמען געשאָכטען דיא רוימער און גריכען. דער גריכישער היסטאָריקער אפּיאן, וועלכער האָט איבערגעלאָזען א קורצע בעשרייבונג וועגען דעם אויפשטאנד פון דיא אידען אין מצרים, וואָלט וואהרשיינליך ערמאָרדעט געוואָרען פון אידישע סאָלדאטען, אזוי וויא טויזענדע אנדערע גריכען, ווען איהם וואָלט ניט געלונגען צו אנטלויפען ביי נאכט אייף א שיפעל אויף דעם נילוס. ער דערצעהלט, אז אידישע סאָלדאטען האָבען זיך נאָכגעיאָגט נאָך דיא שיפלאָך, אויף וועלכע דיא גריכען האָבען געזוכט רעטונג, און אז זיי פלעגען אויסשלאכטען אלע געפאנגענע. ער דערצעהלט, אז דער האס פון דיא אידען צו דיא רוימער און גריכען איז געווען אזוי גרויס, דאָס זיי פלעגען זאָגאר פרעסען דיא פלייש פון דיא גפאנגענע, זיך אויסשמירען אין זייער בלוט און זיך ארומוויקלען אין דיא הויט, וואָס זיי פלעגען אראָפּרייסען פון זייערע געטויטעטע שונאים.

נאָר דאָס איז געוויס איבערטריבען. זיכער איז אָבער, אז דיא אידען זיינען בעגאנגען אזעלכע רציחות, וויא דיא רוימער און גריכען. מען רעכענט, אז דיא אידען האָבען אייך געצוואונגען זייערע געפאנגענע שונאים זיך צו ראנגלען אין צירקען מיט ווילדע חיות, גראדע וויא אכפּסינוס און טיטוס האָבען עס געטאָן מיט דיא געפאנגענע אידען נאָך חורבן ירושלים.

וויא ווייט מען ווייס פון דיא גריכישע בעריכטען, האָבען דיא אידען אויסגעשלאכטעט 200 טויזענד גריכען און רוימער אין דער געגענד סירענאיקא (צום וועסטען פון מצרים). פילע ערטער אין ליביא זיינען אזוי פערוויסטעט געוואָרן דורך דיזען אויפשטאנד, אז עטליכע יאָהר שפּעטער האָט מען געשיקט מענשען צו גרינדען קאָלאָניעס דאָרטען.

אויך אויף דעם אינזעל סיפּרוס, וואו אידען האָבען זיך זייט לאנג בעזעצט, האָט אויסגעבראָכען א בלוטיגער אויפשטאנד געגען רוים. מען האָט בעהויפּטעט, אז דיא אידען האבען דאָרטען צו־שטערט דיא הויפּטשטאָט סאלאמיס און געטויטעט איבער 200 טויזענד גריכען.

אין דער צייט האָט זיך טראיאנוס געפונען מיט זיין ארמעע אין בבל. ווען נאָר ער האָט דערהערט פון דעם אויפשטאנד אין מצרים, סירענאיקא און סיפּרוס, האָט ער געשיקט איינעם פון זיינע בעסטע גענעראלען, מארציוס טורבאָ, צו מאכען א סוף פון דיא אידען אום יעדען פּרייז. דעם זעלבען בעפעהל האָט ער אויך געגעבען דעם גע־נעראל קוויעטוס, וועלכען ער האָט בשטימט פאר זיין נאָכפאָלגער.

דער לעצטער גענעראל האָט געהאט צו פיהרען א לאנגען און שווערען קאמפף מיט דיא באביליאָנער אידען. וועגען דיזען קאמפף וויים מען כמעט גאָר ניט אויסער, אז קוויעטוס האָט אומגעבראכט טויזענדער אידען און האָט צושטערט דיא שטעט ניזבים און עדעסא, וועלכע דיא אידען האָבען פערטהיידיגט מיט פערצווייפ־לונג. עס איז זאָגאר אונבעקאנט, ווער עס האָט אָנגעפיהרט דיא אידען אין בבל. פון איין גרויסע שלאכט וויים מען נאָר אזוי פיעל, אז דער רוימישער גענעראל מאקסימוס איז דאן געטויטעט געוואָרן. אויב אידען פון בבל האָבען איבערגעלאָזען בעריכטען וועגען דיזען אויפשטאנד, זיינען זיי פערלאָרען געגאנגען. דיא רוימער האָבען דאן געהאט צו אונטערדריקען אזוי פיעל אויפשטאנדען, אז זיי האָ־בען זיך ניט געקימערט וועגען איינצעלהייטען אין יעדען פאל.

וועגען דיא אונטערדריקונג פון דיא אויפשטאנדען אין מצרים, סירענאיקא און סיפּרוס זיינען אויך געבליבען זעהר קורצע בע־ריכטען. מארציוס טורבאָ האָט געצייגט זיינע פעהיגקייטען אלס גע־נעראל און זיין ווילדע גרויזאמקייט ביי דער אונטערדריקונג פון דיזען אויפשטאנד. ער האָט אטאקירט מיט א שטארקער ארמעע יעדען פלאָץ בעזונדער. דיא אידען האָבען זיך פערצווייפעלט פער־טהיידיגט, אָבער האָבען אויך איבעראל פערלאָרען. טייכען אידישע בלוט זיינען דערביי פערגאָסען געוואָרען. דיא געפאנגענע פלעגט

מען צוהאקען אין שטיקער. דיא פּראכטפאָלע אלקעסאנדריער סי־
נאגאָגע איז דאן אויך צושטערט געוואָרן.

ווען טורבאָ האָט איינגעשטילט דיא אידען אין מצרים און סי־
רענאיקא, האָט ער זיך א נעהם געטהאָן צו סיפּרוס. וואָס עס איז
דאן דאָרטען פּאָרגעקומען, ווייס מען גאָר ניט. וואהרשיינליך איז
דאָרטען איין איד ניט לעבעדיג געבליבען, דען מען האָט נאכהער
ארויסגעלאָזען א געזעץ, אז קיין איד טאָר ניט צוקומען נאָהענט
צו דיא ברעגעם פון דעם אינזעל, אפילו אזעלכע, וואָס וועלען
צושווימען פון אונטערגעגאנגענע שיפען אין צייט פון א שטורם.
אזוי אונמענשליך איז מען געווען צו אידען.



# צווייטער קאפּיטעל.

## אַדריאַן'ס פערשפּרעך צו לאָזען בויען א בית המקדש.

טראיאנוס האָט דאָך ניט געקענט אויספיהרען זיין פּלאן איינ־צונעהמען דיא לענדער פון דיא פּארטהען. ער האָט שליסליך גע־מוזט אָפּטרעטען פון בבל. פון ערגערנעס איז ער קראנק געוואָרן און אין עטליכע מאָנאט געשטאָרבען אין סיריען. זיין נאָכפאָלגער האָט געזאָלט זיין קוויעטוס, וועלכער האָט אונטערדריקט דעם אויפ־שטאנד פון אידען אין בבל און וועמען ער האָט נאכהער געשיקט, אלס בעלוינונג, נאָך פּאלעסטינא צו שטיקען און ווערגען דיא דאָרטיגע אידען. נאָר זיין ווייב פּלאָטינא האָט אויסגעפיהרט, אז אדריאן (אדריאנוס), איהרער א נאָהענטער קרוב, זאָל ערקלערט ווערן פון דער ארמעע פאר דעם קייזער.

דאָס איז געווען אין 117טען יאָהר נאָך דער קריסטליכער צייט־רעכענונג. קוויעטוס איז שוין דאן געווען אין ארץ ישראל, וואו דיא אידען האָבען זיך אָרגאניזירט צו א גרויסען אויפשטאנד. ווען דיא אידען וואָלטען אין אלע פּונקטען גלייכצייטיג ארויס מיט אלע זייערע קרעפטע געגען דיא רוימער און וואָלטען געווען שטארק פערבונדען, קען זיין, אז זיי וואָלטען געבראָכען דיא רוימישע אימ־פעריע, וועלכע האָט זיך אליין מעהר געטרייסעלט. נאָר נאכדעם, וויא טורבאָ האָט זיי אונטערדריקט אין אפריקא און קוויעטוס אין בבל, האָבען זיי שוין גאנץ ווייניג געקענט אויפטהאָן אין פּאלעסטינא. וועגען דיא אונטערדריקינג פון דיזען אויפשטאנד ווייס מען אויך זעהר ווייניג. וואהרשיינליך, האָבען דיא אידען זעהר שטארק געלי־טען, וויא נאָר קוויעטוס איז אָנגעקומען, דען צו דער צייט האָט מען איינגעפיהרט נייע טרויער־טעג. מען האָט אויך גרינדע צו רעכענען, אז קוויעטוס האָט אונטערדריקט דעם סנהדרין פון יבנה.

עס איז שווער צו זאָגען, וויא פיעל צרות קוויעטוס וואָלט נאָך אָנגעמאכט דיא אידען, וועלכע ער האָט געוועלט איינפאך אויסראָטען אויף דעם בעפעהל פון טראיאנוס, ווען דער נייער קייזער וואָלט איהם אליין ניט געשיקט אויף יענער וועלט. אדריאן איז געווען א זעהר זאָנדערבארער מענש. ער האָט ניט געקענט רוהען און בלייבען אויף איין אָרט. ער האָט אויך ניט געקענט צושטעהן צו אירגענד וועלכע פילאָזאָפישע לעהרע; ער האָט זיך געסטארעט, אז מען זאָל איהם ניט נאָר פערעהרען אלס קייזער, זאָנדערן אויך בעטראכטען פאר א פילאָזאָף און א ליעבהאָבער פון קונסט. אָבער וואָס לענגער ער האָט געהערשט, אלץ טיראנישער איז ער געוואָרען. דיא אידען האָבען יעדענפאלס געליטען פון איהם מעהר צרות וויא פון אלע אנדערע רוימישע קייזערס צוזאמען.

אָנפאנגס האָט ער זיך ארויסגעצייגט זעהר פריינדליך צו אידען, אבער דאָס איז הפנים נור געווען א דיפּלאָמאטישער שריט. וויא נאָר דער טויט פון טראיאנוס איז בעקאנט געוואָרען, האָבען פיעלע פעלקער זיך אויפגעהויבען אראָפּצושליידערן פון זיך דעם רוימישען יאָך. אין בבל און דיא לענדער ארום, וויא אויך אין עטליכע געגענדען פון קליין־אזיען און אין בריטאניען (ענגלאנד) האָט מען זיך בענוצט מיט דיעזער געלעגענהייט צו ווערען אונאבהענגיג. עס האָט אויסגעוויזען, אזוי וויא דיא גאנצע ריעזיגע געביידע פון דער רוימישער אימפּעריע וועט צופאלען ווערען אויף שטיקער. אונטער אזעלכע אומשטענדען האָט אדריאן געפונען, אז עס איז בעסער און זיכערער אָנצוגיין מיט גוטען און נאָכגעבען א ביסעל, איידער צו אונטערדריקען מיט מיליטערישע מאכט אזוי פיעל אויפשטאנדען מיט איין קלאפּ. ער האָט דאן געצייגט, אז ער איז א בעסערער פּאָליטיקער וויא א גענעראל און האָט דערמיט גערעטעט דיא אימפּעריע.

דיא פּערסען האָט ער גלייך בעוויליגט אלע זייערע פאָדערונגען. ער האָט געמוזט אנערקענען דיא אונאבהענגיגקייט פון דיא מלוכות אין דיא פּארטהאנער לענדער, ווייל ער האָט גוט געזעהען, דאָס ער איז ניט אין שטאנד זיי איינצונעהמען. ער האָט אויך בעוויליגט

פיעלע פאָרדערונגען אין אנדערע פראָווינצען. וואָס אנבעלאנגט צו דיא אידען פון פאלעסטינא, האָט ער ניט נאָר פערשפראָכען אראָפּ־צוזעטצען דעם גרויזאמען קוויעטוס, זאָנדערן אויך צו לאָזען אויפ־בויען א נייעם בית המקדש. דאָס לעצטע איז נאטירליך געווען דיא הויפּטפאָרדערונג פון דיא אידען.

מיט דיזע פערשפרעכונגען האָט אדריאן גלייך בערוהיגט אלע אידען. עס איז שווער צו זאָגען, אויב ער האָט אין דער צייט אויפ־ריכטיג געדיינקט איסצופיהרן זיין פערשפרעך וועגען בית המקדש, נאָר זיכער איז עס, אז ער האָט זיך באלד אָבגעזאגט דערפון און האָט נאָך אויף דער ערגסטער ארט גענומען פערפאָלגען דיא אידען. זיין פערשפרעך וועגען אראָפּזעצען דעם גובערנאטאָר קוויעטוס האָט ער אויף'ן אָרט אויסגעפיהרט, אָבער דאָס האָט ער געטאָן ניט אויס פריינדשאפט צו דיא אידען, זאָנדערן אויס האס צו זיין מעג־ליכען קאָנקורענט, צו א מאן, וועלכער איז געווען א געוויסע צייט טראיאנוס'עס יורש.

נאָך אידישע בעריכטען, האָט קוויעטוס געקראָגען אדריאן'ס בעפעהל צו פערלאָזען פאלעסטינע גראדע אין דעם טאָג, וויא דיא אָנפיהרערס פון דעם אויפשטאנד, פאפוס און יוליאנוס, זיינען געפיהרט געוואָרען צום עשאפאָט. יעדענפאלס האָט מען דעם טאָג פון דער בעפרייאונג פון דיזע צוויי פיהרערס געפייערט מיט גרויס שמחה. דאָס איז געוועזן דעם 12טען אדר (מערץ 118), און דיזער יום טוב האָט געטראָגען דעם נאָמען „יום טראיאנוס". א קורצע צייט נאָכדעם האָבען דיא אידען געהאט דיא צופרידענהייט, דאָס קוויעטוס איז הינגעריכטעט געוואָרען אויף אדריאן'ס בעפעהל.

אבער זייערע האָפנונגען אויף דער אויפבויאונג פון בית המקדש זיינען געבליבען א זיסער טרוים. זיי האָבען זיך אומזיסט געפרעהט, דאָס איידער עס וועלען פאָראיבער 50 יאהר נאָך דעם צווייטען חורבן, וועט מען אָנפאנגען צו בויען א נייעם בית המקדש, דען וויא נאָר אדריאן האָט זיך גענומען פיהלען פעסטער אויף זיין טהראָן, האָט א דרעה געטאָן דאָס רעדעל צוריק. גלייך אָפּזאָגען זיך פון זיין פערשפרעכען האָט איהם ניט געפאסט, נאָר ער האָט אלע

אָבגעלייגט. איינמאָל, ווען דיא אידען זיינען שטארק צוגעשטאנען צו איהם, האָט ער געגעבען צו בערשטעהן, דאָס ער וויל, אז דער בית המקדש זאָל ניט געבויט ווערען אויף דעם פריהערן אָרט. א׳ן אנדערס מאָל האָט ער ערקלערט, אז דער נייער בית המקדש דארף זיין קלענער וויא דער אלטער.

אזוי זיינען פאָריבער צעהן יאהר. דיא אידען האָבען גאנץ גוט פערשטאנען, אז אדריאן זוכט נאָר תירוצים זיך ארויסצודרעהען און זיי אָפּצונארען. נאָך איין בעריכט האָבען דיא סאמאריטאנער (שמרונים) אונטערגעהעצט דעם קייזער ניט נאָכצוגעבען דעם פערלאנג פון דיא אידען. זיי האָבען איהם ערקלערט, אז וויא נאָר דיא אידען וועלען האָבען א בית המקדש, וועלען זיי גלייך אנפאנגען א׳ן אויפשטאנד צו געווינען אונאבהענגיגקייט. אבער אדריאן זעלבסט האָט גוט געוואוסט, דאָס דער בית המקדש איז פאר דיא אידען ניט נאָר א רעליגיעזער טעמפעל, זאָנדערן אויך א פּאָליטישע קראפט, דארום האָט ער בעשלאָסען ניט צו האלטען זיין פערשפרעכען.

א גרויסער טהייל פון דיא אידען אין פּאלעסטינא איז אזוי אויפגערעגט געוואָרען דורך דיא דריידלעך פון דעם קייזער, דאָס זיי האָבען גלייך געוואָלט מאכען א׳ן אויפשטאנד. א סך האָבען זיך בעוואפענט און האָבען זיך צוזאמענגעקליבען אויף א פעלד לעבען רמון און זיי וואָלטען וואהרשיינליך אָנגעפאנגען א נייעם קאמפף געגען רוים, ווען דער תנאי יהושע, וועלכער איז צו דער צייט געוועזען דער ראש הסנהדרין, וואָלט ניט מיט נאָך אנדערע וויכטיגע מיטגליעדער פון דער פרידענס־פּארטיי זיי אָבגעהאלטען פון אזא געפעהרליכען שריט.

אין 130טען יאהר האָט אדריאן, וועלכער האָט ארומגערייזט צו זעהען אלע פּראָווינצען פון זיין ריעזיגע אימפעריע און צו בעפריידיגען זיין נייגיעריגקייט און ליעבע צו ענדערונגען און נייע סצענען, אויך בעזוכט פּאלעסטינע. ער האָט אויפגענומען פערטרעטער פון רוימער, גריכען, אידען, קריסטען, שמרונים און אנדערע פעלקער, וועלכע האָבען דאָן דאָרטען געלעבט, און האָט אויסגעהערט

זייערע מיינונגען. אלע פעלקער האָבען זיך געבוקט צו איהם אזוי וויא זיי וואָלטען איהם געהאלטען פאר א גאָט. זיי האָבען אויך געבעטען, ער זאָל ניט נאָכגעבען דעם פערלאנג פון דיא אידען.

וויא דיא אידען האָבען איהם אויפגענומען, ווייס מען ניט, וואהרשיינליך, ניט פריינדליך, דען זיי האָבען איהם נאטירליך ניט געקענט פערגעבען, דאָס ער האָט ניט געהאלטען זיין וואָרט. ער פון זיין זייט האָט אָפען ארויסגעצייגט זיין פיינדשאפט צו זיי, דען עס האָט איהם געערגערט, וואָס ער איז פריהער געצוואונגען געווען זיך צו בויגען פאר זיי. ער האָט זיך געזעהען מיט איינינע אידיישע פערטרעטער, ספּעציעל מיט דעם תנאי יהושע, וועלכער איז געווען געאכטעט פון גאנצען פאָלק און האָט אָנגווענדעט זיין גאנצען איינפלוס אבצוהאלטען זיינע ברידער פון א'ן אויפשטאנד. נאָר וועגען זיינע געשפּרעכען מיט דיא אידישע פערטרעטער ווייס מען גאָר ניט, אויסער לעגענדען.

דער רעזולטאט פון אדריאן'ס רייזען איבער פּאלעסטינע איז יעדענפאלס געווען, אז ער האָט געלאָזט וויסען דעם סענאט אין רוים, דאָס דיא אידען זיינען פריעדליך און דאָס מען דארף גאָר ניט מורא האָבען פאר זייערן א'ן אויפשטאנד. צו דער צייט האָט ער זיך איינגערעדט, אז ער וועט קענען אויסגלייכען אלע פעלקער און גלויבענס און זיי צוזאמענשמעלצען מיט דיא רוימער. ער האָט זיך הפנים גערעכענט פאר א גאָט, ווען ער האָט געקענט טרוימען, דאָס דיא אידען און אויך דיא קריסטען וועלען קענען לעבען פריינדליך מיט דיא געצענדיענערס און דאָס דיא אידען וועלען אין גאנצען פערגעסען, וואָס זיי האָבען אויסגעליטען פון דיא רוימער.

אין דער ווירקליכקייט האָבען דיא אידען נאָר געוואַרט אויף א געלעגענהייט אָנצופאנגען א נייעם אויפשטאנד. זאָ לאנג אדריאן איז פערבליבען אין סיריען (ארום 131טען יאָהר), האָבען דיא פיהרערס פון דער קריעגס־פּארטיי זיך צוריקגעהאלטען; נאָר וויא ער איז אוועק נאָך מצרים, האָבען זיי געמאכט אלין גרעסערע פאָר־ בערייטונגען צו דעם קאמפּף. ער האָט זיי אליין געטריעבען דערצו מיט זיין משוגע'נעם פּלאַן אויפצובויען א געצענדיענערשע שטאדט

אויף דעם פּלאַץ פון ירושלים. גראדע ווען ער איז אַפּגעפאָהרען פון אלעקסאנדריא, האָט מען אַנגעפאנגען אַפּצוראַמען דיא חורבות פון אמאָליגען ירושלים, אום דאָרט צו בויען א שטאדט נאָך א גריכישען מוסטער.

אדריאן האָט געמיינט, אז דערמיט וועט ער מאכען א גוטען אָנפאנג צו פערבינדען אלע פעלקער אין דער רוימישער אימפּעריע, אבער ער האָט נאָר נאטירליך אויפגעבראכט אלע אידען. אדריאַן׳ס פּלאַן האָבען זיי בעטראכטעט אלס א פערזוך צו שענדען זייער רעלי־גיאָן און זייער הייליגע שטאדט.

אום אויסצומיידען אן אויפשטאנד, האָט די פריעדליכע פּארטיי געשיקט דעם אלטען תנאי יהושע נאָך מצרים בעטען דעם קייזער ער זאָל זיך אָבזאָגען פון זיין פּלאַן אומצו־וואנדלען ירושלים אין א געצענדיענערשע שטאדט. אבער אדריאן האָט זיך אויס־געלאכט פון דיא אידישע און קריסטליכע רעליגיאָנען און האָט זיך איינגעשפּארט, אז ניט אנדערס ער מוז צייגען זיין מאכט אפילו איבער דיא גלויבענס פון זיינע אונטערטהאנען. דער תנאי האָט אומזיסט געבעטען. ער האָט זיך צוריקגעקעהרט א געבראָכענער, און פון הארצוועהטאָג איז ער באלד געשטאָרבען.

נאָך יהושע׳ס טויט האָבען דיא אויבער־האנד געקראָגען דיא פיהרערס פון דער קריעגס־פּארטיי. דיא אויפרעגונג געגען דעם קייזער און געגען דער רומישער הערשאפט איז געוואָרען אלץ גרעסער, ביז עס האָט אויסגעבראָכען דער גרויסער אויפשטאנד, אין וועלכען דער מערקווירדיגער מענש, וואס איז בעריהמט געוואָרען אונטער דעם נאָמען בר־כוכבא, האָט געשפּיעלט דיא הויפּט־ראָלע.

